


פארלאג פאר קונסט און ליטעראטור

בערלין לאָנדאָן

דער פארלאג גיט ארויס

## רמון־ביכער

אין פארשיידענע צווייגן קונסט און ליטעראטור

## מילגרוים

א יידישע צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

## רמון

א העברעאישע צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

הויפטפארקויף פאר צענטראל־אייראָפּא און פאר ארץ־ישראל בא
Ewer Gesellschaft, Berlin W, Lietzenburger Straße 8a.

הויפטפארקויף פאר רוסלאנד בא
Gescher-Gesellschaft, Berlin-Schöneberg, Haupt-Str. 37.

הויפטפארקויף פאר אמעריקא בא בוכהאנדלונג
Max N. Maisel, 424, Grand Street, New York City.

הויפטפארקויף אין ענגלאנד בא
„Hasefer“, 10, D'Arblay Street, London, W 1.

הויפטפארקויף אין קאנאדא בא בוכהאנדלונג
Farlag "Yiddish", 834, Cadieux Street, Montreal, Canada.

פון אלע אנדערע לענדער זיך ווענדן דירעקט צום פארלאג „רמון“ בערלין
Rimon - Verlag, Berlin-Friedenau, Stier-Strasse 17.



NUMBER 5 1923

# MILGROIM

## A YIDDISH MAGAZINE OF ART AND LETTERS

Editors Dr. M. Vishnitzer and M. Kleinman

Art Editor Rachel Vishnitzer

*CONTENTS.*



THIS NUMBER CONTAINS A PORTRAIT OF THE WELL KNOWN CRITIC BAAL MACHSCHOWES BY MARC CHAGALL ON THE OCCASION OF THE 25 th ANNIVERSARY OF HIS LITERARY ACTIVITIES.

THE COVER HAS BEEN DESIGNED BY E. BOEHM.

העפט 5 **מילגרוים** 1923

# צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור



ליטעראַרישע רעדאַקציע

ד״ר מ. ווישניצער און מ. קליינמאַן

קונסט רעדאַגירט פון

רחל ווישניצער־בערנשטיין


## אינהאלט



שמשען הגבור אלס לייב־באצווינגער, פון א ריוואַראָלער כתובה פונ׳ם יאָר 1727. יידישע געמיינדע־ביבליאָטעק אין בערלין.

SAMSON ON THE LION. FROM A KETUBAH, RIVAROLO, 1727, COLLECTION OF THE JEWISH COMMUNITY IN BERLIN

# דער לייב־באצווינגער אין דער יידישער קונסט



ער קאמף מיט דער חיה — דאָס איז דאָס טעמא פון דער גע־וואלטיגער דראמע וועלכע טריי־סלט אויף די מענשהייט אין דער מאָרגן־דעמערונג פון דער ציווי־ליזאציע. די מפלה פונ׳ם לייב, דער נצחון איבער׳ן בופלאקס, איבער דער אנטילאָפּע, איבער׳ן דאמהירש (Cervus mesopotamicus), אפילו איבער דער קליינער גאזעל, מאכן אויס א רייה פון אויפרעגענדע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון דער מאכט־פארברייטערונג פונ׳ם מענשן אויף דער ערד. אין קאמף־סצענען, וועלכע שטעלן פאָר אָט דעם מענשן אָט די חיה אלס אנפאלער אין קאמף, אין טריומף־סצענעס וועלכע פייערן דעם נצחון פונ׳ם מענשן, לעבט זיך אויס דאָס אויסמאָלן־באדערפעניש פונ׳ם קינסטלער אין יענע אוראלטע צייטן. דאָס וואָס איז פארבליבן פון אזעלכע בילדער, די חתימות פון עילם, חת, מצרים, אשור, בבל און פרס, וועלכע שטאמן פון דער צייט צווישן פערטן און ערשטן יאָרטויזענד פאר דער געוועגליכער צייטרעכנונג געהערן שוין צומייסט צו א העכערער מדרגה פון קינסטלעכער דערגרייכונג. דען דער קאמף מיט דער חיה פיהלט זיך דאָ שוין ניט ווי א דירעקטע איבערלעבונג, נאָר פיל מער ווי א טענדענציעז געפארבטע האנדלונג פון א בבא־מעשה. דער קאמף־מוטיגער יעגער ווערט אידענטיפיצירט מיט׳ן העלד, וואָס האלט אָפּ נצחונות איבער די חיות, אָדער גאָר מיט דער גאָטהייט אליין. דאן בעקומט דאָס בילד א קולטישע באדייטונג. צום לעצט טראָגט מען איבער די ראָל פון א חיה־באצווינגער אויפ׳ן קעניג. די באצוואונגענע חיה שטייט מיט א ברייט געעפנטען פיסק, בויגט זיך רע־וועגדיג, ווי א אונטערטעניגער באזיגטער.

צווישן די מיטאָלאָגישע שטאָפן, וועלכע די בילדענדע קונסט פונ׳ם אלטן אָריענט האָט פאראַרבעט, האָט די גילגאמעש־לעגענדע, ווי עס שיינט, ניט וועניג מאָטיוון געליפערט. די ארכעאָלאָגן וואָרנען אפילו, אז מ׳זאָל ניט אננעמען די בילדליכע פאָרשטעלונגען אלס אילוסטראציעס צו גאנץ באשטימטע סצענעס פון די אלטע זאגען, דען דער בילדענדער קינסטלער שטייט שטענדיג פריי אנט־קעגן דעם שטאָף. דאס ליטעראַרישע ווערט קיינמאָל ניט גאָר איינגאנצן בטל אין דעם בילדהאפטן, דאָס בילד גיט שטענדיג ווייניגער, אבער אויך מער ווי דער ליטעראַרישער מאָטיוו, וועלכער האָט עס ארויסגערופן צום לעבן. עס איז דאָך באמת א נייע באשעפעניש מיט גאנץ אנדערע מיטל, צוגע־פאסט צו דעם סאָרט קונסט. מיט אָט דער באשרענקונג האבן די געלערנטע פאָרט זיך גענומען פארבינדן די אלטאָריענטאלישע שטעמפל־בילדער מיט באשטימטע מאָטיוון פון די לעגענדעס, צווישן זיי גאנץ באזונדערס מיט דער לעגענדע וועגן גילגאמעש, און אָרדנען די טיפן לויט שטאָפליכע און קאמפּאָזיציאָנעלע געזיכטספונקטן. די מעשה מיט׳ן גילגאמעש איז בערך אזא:

גילגאמעש איז באשענקט געוועזן פונ׳ם הימלישן גאָט מיט א איבערמענשליכער קראפט. אויף צוויי דריטל איז אין



א לייב־באַצווינגער אויף א בבלישן שטעמפּל פונ׳ם 3־טען יאָרטויזענד פאר דער געוועגליכער צייטרעכנונג.

THE HERO ON THE LION. BABYLONIAN CYLINDER, 3000 B. C.
REPRODUCED FROM O. WEBER, ALTORIENTALISCHE SIEGELBILDER,
HINRICHS' VERLAG, LEIPZIG

אים געווען א געטליכע נאטור און נאָר אויף איין דריטל א מענשליכע. ער האָט געהערשט ווי א טיראַן איבער דער שטאָדט אֶרך, געצוואונגען זיינע אונטערטאנען צו עבודת פרך ביים אויפבויען פון געוואלטיגען טעמפּלען און שטאָטמויערן. (מ׳דארף באמערקן צוויי מאָמענטן: די איבערמענשליכע קראפט און די מאכט פון גילגאמעש!) — גילגאמעש האָט א פריינד, ענגידו הייסט ער. זיין לייב איז אינגאנצן האָריג און די האָר פונ׳ם קאָפּ זיינען לאנג געוואקסן, ווי ביי א פרוי. ער לעבט אויפ׳ן פעלד אינאיינעם מיט די חיות, זייערע מאכלים עסט ער, מיט זייער געטראנק דערפרישט ער זיך. ביידע פריינד גייען ארויס אויף פּאַלעוואניע, זיי האלטן מלחמה מיט לייבן אין די בערג און טויטן דעם מזל שור אויפ׳ן הימל. ענגידו שטארבט אוועק, גילגאמעש ציהט ווייטער, כדי אויפצוזוכן דאָם איביגע לעבן, אונטערוועגס טרעפט ער אָן דעם עגדיש־מענשן מיט זיין ווייב, וועמעס אַנבליק ס׳ברייגנגט א געוויינליכן מענשן דעם טויט. נאָך פיל פּאַרקומענישן געלינגט עס איהם אפצורייסן דאס לעבענס־גרעזל, אבער ביים צוריקקעהרן אהיים קיין ארך, ווערט עס ביי אים פון א שלאנג ארויסגעריסן.

צווישן די פּאָרשטעלונגן וואָס האָבן א שייכות מיט דעם לעגענדען־קרייז וועגן גילגאמעש, איז אודאי ניטאָ קיין איינציגע, וואָס מ׳זאָל זי קאָנען אויסטייטשן אלס אילוסטראציע צו וועלכער ניט איז באשטימטער סצענע פון אָט דער מעשה: על פי רוב האנדלט זיך נור וועגן גאנץ אלגעמיין פארטראכטע קאמף און טריומף־סצענעס, אין וועלכע ביידע העלדן, אָדער נאָר איינער פון זיי, ווערט פּאָרגעשטעלט צוזאמען מיט חיות. גילגאמעש און ענגידו ווערן באצייכנט דורך לאנגע געקרייזלטע האָר און א לאנגער באָרד. ענגידו ווערט אפט פּאָרגעשטעלט אלס אָקס־מענש, א געמישטע בריאה, וואָס פונ׳ם גארטל אראָפּ איז ער אָקס און פונ׳ם גארטל ארויף א מענש. ער טראגט א הערנער־קרוין אלס צייכן פון זיין געטליכער נאטור.

דאָס פארהעלטניש צו דער באזיגטער חיה ווערט אויסגעדרוקט אין פארשיידענערליי פּאָרשטעלונגען. דער זיגרייכער גבור טרעט אָן דער באזיגטער חיה אויפ׳ן קאָפּ, פארדרייסט איינעם פון אירע הינטערשטע פיס און פאקט זי ביים עק, אָדער ער הויבט זי אויף ביי ביידע הינטערשטע פיס ביי דער זייט, אָדער זשע ער האלט די אונטערטעניגע חיה הויך איבער זיין קאָפּ.

אין דעם בבלישן שטעמפּעל (זעה בילד זייט 2) פונ׳ם דריטן יארטויזענד פאר דער געוועהנליכער צייטרעכנונג טרעט אויף דער גבור רייטנדיג אויף דעם לייב. איין האנד שטרעקט ער צום עק פונ׳ם לייב, א סימן פון זיין נצחון. דער לייב האלט דעם פיסק ברייט געעפנט. מחמת קאָמפּאָזיציאָנעלע טעמים ווערט אפטמאָל דער מאָטיוו פארדאָפּלט און באַרייכערט, דהיינו: עס ווערן ארייגעשטעלט נאָך אנדערע פיגורן כדי אויסצופולן דעם פלאץ.

א טייל פון די קאָמפּאָזיציאָנעלע סכעמען צום מאָטיוו פון דער חיה־באצווינגונג, וועלכע ס׳האָט אויסגעארבעט די אלט־אָריענטאלישע קונסט אין יאָרטויזענד לאנגער איבונג, איז אויך פארבליבן אין שפּעטערע צייטן, און ביסלאכווייז זיך פארענדערנדיג אָבער פּאָרט נאָך גענוג דייטליך דערקענבאר, איז ער אריבער ביז צו די נייעסטע צייטן. באזונדערס האָט די העראלדיק עס פארשטאנען אויסצונוצן דעם געירשה׳טען אוצר פון פּאָרמען. פונ׳ם אלטן אָריענט האָט זי גענומען אירע אָדלערס, אירע לייבען און פון דאָרט שטאמט אויך די פייערליכע באהאנדלונג פון די מאָטיוון.



דוד ראטעוועט דאָס שעפעלע פונ׳ם בער׳ס און פונ׳ם לייבס לאפּעס. פון א תנ״ך אין דער ביבליאָטעק פון דער ווינטשעסטער קאטעדראלע, פונ׳ם 12־טען יאָרהונדערט.

INITIAL B IN A BIBLE IN THE LIBRARY OF WINCHESTER CATHEDRAL
CONTAINING A REPRESENTATION OF DAVID DELIVERING A LAMB
FROM A BEAR AND FROM A LION, 12th CENTURY.
FROM W. BRADLEY, CATALOGUE, VICTORIA AND ALBERT MUSEUM,
LONDON, 1901

אין דער בילדענדער קונסט, וועלכע שעפּט איר גייסטיגן אינהאלט פון דער ביבעל, ווערט אויף קיין פאַל ניט פאַרווישט דער אלט־אָריענטאלישער היגטערגרונד. ער ווירקט מיט איבריגענס מיט אוך אין דער ביבעל גופא אלס א מעכטיגער פאַקטאָר, אזוי אז מ׳קאָן דאָ באמערקן א דארפעלטן שטראָם פון פאָרמבילדענדע השפעות. פונקט אזוי ווי דער קינסטלער פון העלעניסטישער צייט, וועלכער האָט פאָרגעשטעלט דניאל אין גוב האריות (זעה בילד זייט 18) האָט אודאי זיך געהאלטן ביי די אלט־אָריענטאלישע פאָרבילדער, אזוי האָבען אויך פארן מחבר פונ׳ם ספר דניאל גופא געמוזט שוועבן די בילדער פון די אלטע העלדן־מעשות. און ניט צופעליג, אויס אייגענעם איינפאל, נור געוויס נאָכזעהענדיג אן אלטער מסורה, שטעלט דער קינסטלער פאר דניאל׳ן מיט אויפגעהויבענע הענד מיט צוויי לייבן ביי די זייטן. אין דער דאָזיגער סימעטרישער אויסשטעלונג פון די לייבן צוביידע זייטן פונ׳ם גבור, קלינגט א ווידערקול פונ׳ם אלטן מאָטיוו. מיר געפינן דאָ די פארדאָפּעלונג צוליב דעקאָראטיווע טעמים פון די קנאפּע רעשטן פונ׳ם מאָזאַיק איז שווער צו זעהן צו האלט דער גבור אויפגעהויבן די הענד אין העלעניזירטער תפלה־שטעלונג אָדער דאָס אז, אזוי ווי ביים גילגאמעש, א צייכן פון זיין טריומף. אין די דניאל־פאָרשטעלונגען פון מעראָווינגישער צייט (אפּגעבילדעט אין ווערמאנס „געשיכטע דער קונסט פון אלע צייטן און פעלקער", 2 אויפלאגע 1920, 3 טער באנד זייט 84) האבן מיר נאָך דעם זעלבן אָריענטאלישן סדר. די חיות בויגן זיך פאר דעם באצווינגער מיט הכנעה פון באזיגטע. דניאל האבט אויף די הענט צו געבן א שבח צו גאָט, אָדער צום צייכן פון זיין טריומף.

צוויי גבורים פון דער ביבעל, דוד און שמשון, וועלכע זיינען שטארק פאָלקסטימליך געוואָרן אלס באקעמפער פון די פלישתים, אלס שטרייטער פאר׳ן פאָלק, זיינען אין דער בילדענדער קונסט ארינטער געפאלן אונטער א דאָפּעלער



שמשון הגבור אלס לייב־באצווינגער, פון א הגדה פונ׳ם 14־טען יאָרהונדערט.
בריטיש מוזעאום Or 2737

SAMSON ON THE LION. FROM A HAGGADAH, 14th CENTURY
BRITISH MUSEUM, OR. 2737



שמשון הגבור אלס לייב־באצווינגער, פון א מחזור פון 14־טען יאָרהונדערט,
אין דער לייפּציגער אוניווערסיטעטס־ביבליאָטעק.

SAMSON ON THE LION. FROM A MACHSOR, 14th CENTURY,
LEIPZIG UNIVERSITY LIBRARY

השפעה פונ׳ם אלט־אָריענטאלישן זאגן־קרייז, — דער ליטערארישער און דער פאָעמאלער, ד. ה. דורך די ביבעל־שילדערונג גופא, וועלכע איז מיט אָריענטאלישע מאָטיוון דורכגעווייקט, און דורך די שוין פאָרהאנענע בילדליכע פאָרשטעלונגען. דוד דערצעלט אן עפּיזאָד פון זיינע איבערלעבונגען אלס פאסטוך, ווי ער האָט גערעטעוועט א שעפעלע פונ׳ם פּיסק ביי א לייב און ביי א בער, ער פאקט די חיה ביי דער באָרד און טויט זי: „גאָט וועלכער האט מיך מציל געוועזן פון דעם לייבס און דעם בערס לאפּעס, וועט מיך מציל זיין אויך פון דעם דאזיגען פלישתי׳ס האנט". די מעשה מיט די ווילדע חות, דעם לייב און דעם בער, ווערט געשילדערט, כדי פאָרצושטעלן דוד׳ן אלס חיה־באצווינגער און וועקן פארטרויען צו זיין קראפט, וועלכע מ׳וואָלט ניט געקאָנט ערווארטן פון א איינפאכען פאסטוך. דער מאָטיוו פון דער געטליכער אויסצייכנונג, אזוי ווי עס שפּילט מיט ביים גילגאמעש, איז דא געגעבן דורך דער זאלבונג, וואָס שמואל האָט אויף גאָטס באפעל, געזאלבט דוד׳ן.

אויך שמשון איז געהייליגט שוין פון דער געבורט אָן. ער האָט לאנגע האָר אזוי ווי ענגידו. ניט מעהר דאָס האָט לכתחלה אן אנדער באדייטונג. דערמיט זאָל באצייכנעט ווערן ניט דער ווילדער, דער מענש־חיה, נור דער הייליגער נזיר, וואָס האָט זיך אפּגעגעבן אינגאנצן צו גאָט. פון דעסטוועגן באווייזן זיך ווייטער אויך ביי שמשון׳ען די לאנגע האר גראָד אלס סימבאָל פון קערפּערליכער גבורה. אזוי ווי דוד איז אויך שמשון כאראקטעריסטיש דורך א קאמף־עפּיזאָד מיט א לייב. אין ביידע פאלן דערצעהלט זיך וועגן דעם נצחון ווי פון א נס, דען ניט דוד ניט שמשון קעמפן מיט וועלכן ס׳ניט איז כלי־זיין. שמשון האָט צעריסן דעם לייב „אזוי ווי מ׳צערייסט א ציגעלע". ער האָט גאָר ניט אין דער האנט. „דער גאָט וואָט האָט מיך מציל געוועזן פונ׳ם לייב׳ס לאפּע" ... זאָגט דוד, מיט אמונה אין דער געטליכער

הילף. אויך שמשון האָט געגלויבט אין דער געטליכער הילף און מחמת גאָטספּורכטיגקייט האָט ער פון דער גאנצער מעשה ניט דערצעהלט אפילו זיינע עלטערן.

דיביידע לייבן־באַצווינגער פון דער ביבל ווערן אין דער בילדענדער קונסט באהאנדעלט גאנץ אין זינען פון די אזוי־גערופענע גילגאמעש־סצענעס. פונקט ווי יענער אלט־אָריענטאלישער העלד, רייט דוד, אָפט איז עס שמשון, אויף א לייב, אָדער גרייט זיך אויף איהם ארופצושטייגן. אויף א העלעניסטישער זילבערנער כלי, וואס געפינט זיך אינ׳ם סאוטה־קענסיגטאָן־מוזעום (געפונען געווארן אין קערינייא, אָפּגעבילדעט ביי וואולף „די אלט־קריסטליכע און ביצאנטינישע קונסט״) געפינען מיר פאַרגעשטעלט דוד׳ן מיט א לייב. די קאָמפּאָזיציע געהט נאָך דעם אלט־אָריענטאלישן נוסח, ניט מעהר דוד איז דאָ געקליידעט אין א אנטיקער טראכט מיט א קורצן טוניק און מיט א מאנטל וואָס בלאָזט זיך אין דערלופטן. רעכטס ווערט דער מאָטיוו נאָך באַרייכערט דורך א בוים, וואָס נויגט זיך צום אינעווייניג און וועלכער איז טאקע נויטיג כדי אויסצופילן די רונדע פאָרם פון דער שאָל.

ווי ווייט דער מאָטיוו איז געווען פארשפרייט אויך אין מיטלאלטער זעהן מיר פון דעם ווי אָפט ער קומט פאָר אין די פארשידענסטע ערטער. אזוי טרעפן מיר דוד׳ן אין אָט דער כאראקטעריסטישער האלטונג אין א קריסטליך־ענגלישער ביבל פונ׳ם 12־טן יארהונדערט — אום נור צו ברייגען אייןביישפיל פון א סך. אין ספר תהלים, וועלכעס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: Beatus vir פילט אָט דאָס בילד אויס דעם בוכשטאב „B“ (זעה בילד זייט 2). פונ׳ם 12־טן יארהונדערט שטאמען אויך די פילע אין ביין געשניצטע פאָרשטעלונגען פון שמשון, וועלכער רייסט אויף ביים לייב דאָס מויל זיצנדיג אויף איהם רייטנדיג (אפגעבילדעט ביי אד. גאָלדשייט „די עלפענביין־סקולפּטורן III 1923,״ בר. קאסירער, — וועלכער ברייגנט דריי ביישפילן, פון זיי צוויי דייטשע און איינער ווארשיינליך א פראנצוזישער).

אין דער העברעאישער בוך־אילוסטראַציע פעהלט אויך ניט דער מאָטיוו פון דעם לייבן־באַצווינגער. אין דער געשילדערטער האלטונג, רייטנדיג אויף א לייב, אויפרייסנדיג דער חיה דאָס מויל, ערשיינט פאַר אונז שמשון אין דעם כתב־יד פון בנימין הסופר פונ׳ם יאָר 1278, וועלכער אנטהאלט דעם חומש מיט תרגום, דעם סדר של פסח און נאָך זאכן. (בריטיש מוזעאום Add. 11, 639) מיר טרעפן איהם אָן גאנץ עהנליך באהאנדעלט אויך אין דער הגדה פונ׳ם בריטישן מוזעאום Or 2737 (זעה בילד זייט 3) און אין מחזור פון דער לייפּציגער אוניווערזיטעטס־ביבליאָטעק (זעה בילד זייט 3) ביידע זיינען זיי האַנטשריפטן פונ׳ם שפּעטערן מיטעלאלטער. אָבער אויך נאָך אינ׳ם 18־טן יאָרהונדערט באפוצט שמשון׳ס רייטער־בילד די העברעאישע אילומינירטע האנטשריפטן. מיר דערקענען איהם אין דעם קאָרפּואַנער מחזור פונ׳ם יאָר 1700, וועלכער געפינט זיך ביי אלקנה אַדלער אין לאָנדאָן. נאָכגעהענדיג נאָכ׳ן גייסט פון דער צייט, ווערט שמשון, וועלכער איז אונז פונ׳ם אַלטערטום און פונ׳ם מיטעלאלטער איבערגעגעבן אלס קרעפטיגער נאַטור־מענש, אלס פאָלקסטימליכער העלד, גאָר א צארטער בחור מיט געקרייזעלטע האָר, וועלכער זיצט אויפ׳ן לייב, שפּילנדיג, ווי אויף א האָלץ־פערד. מיט חנעוודיגער באוועגונג, אָהן שום אָנגעשטרענגטקייט, ניט אמאָל די קלענסטע אויפמערקזאמקייט דעם לייב צו שענקן, קוקט שמשון קאָקעט אויפ׳ן צוזעהער, גלייך ווי ער וואָלט איהם געוואָלט אויפמערקזאם מאכן אויף זיין מאָדנע קאָסטיום. אויך דער לייב מאכט א רעכט גלאסענעם איינדרוק (זעה בילד זייט 1) די כתובה פון ריוואַראָלאַ פונ׳ם יאָר 1727 האָט דאָס דאָזיגע בילדל מיט קליינע שנוים איבערגענומען פונ׳ם קאָרפּואַנער מחזור (זעה בילד זייט 6) ס׳קאָן אויך זיין, אז דאָס בילד איז באקאנט געווען אין א סך קאָפּיעס און איז איבערגעגאנגען פון כתב־יד צו כתב־יד. אין די פאָרשטעלונגען פונ׳ם 18־טן יאָרהונדערט איז שוין ניטאָ כמעט קיין זכר פונ׳ם טראגישן גורל פון דעם דאָזיגן העלד, וועלכער האָט אין דער יוגנד מיט זיין כח און בטחון צעריסן א לייב מיטליידיגע הענד, דערנאָך אָבער אריינגעפאַלן אין די הענד פון זיינע פיינד און בלינד, שיינבאר פון גאָט פארלאָזט, אין לאגער פון זיינע שונאים, שטארבט ער, ווען אפילו מיט א גרויסארטיגן טויט. דאָס דאָזיגע בילד פון שמשון׳ען האָט זיך אין שפּעטערער צייט פארוואנדעלט אין א אידיליע. אין מיטלאלטערליכן מחזור, אין דער מיטעלאלטערליכער הגדה, איז שמשון נאָך דערשטרייטענדער העלד, דער סימבאָל פון דער ניט־באזיגבארער קראפט פון ישראל.

עס וואָלט געווען זעהר אינטערעסאנט נאָכצופאָרשן אין דער העברעאישער בוך־אילוסטראַציע אויב אויך דאָרט ווערט אזוי אָפט פארביטן שמשון אויף דוד׳ן און צי קומט אזוינס בכלל דאָרט פאָר, אזוי ווי מיר טרעפן אָן אלע מאָל אין דער קריסטליכער ביבעל־אילוסטראציע. דאָרט, אין דער קריסטליכער איקאָנאגראַפיע, האָט דוד א באזונדערע באדייטונג. די סצענעס: „דוד רעטעט דאָס לעמעלע פונ׳ם בער און פונ׳ם לייב״, ווערן דאָרט באנוצט אלס געגענשטיק צו די סצענעס: „יעזוס באפרייט דעם משוגענעם פונ׳ם דבוק״ און „יעזוס נידערט אראָפּ אין גהינום״. די קריסטליכע קירכע האָט פארבונדן מיט דוד׳ן איהרע באזונדערע פאָרשטעלונגען, און דאָס ערקלערט פארוואָס דוד פארנעמט אזא גרויס אָרט אין דער קריסטליכער איקאָנאָגראַפיע. דער מאָטיוו פון דעם נצחון איבער׳ן לייב און איבער גלית הפלישתי, דאָס הייסט: דער נצחון איבער׳ן בייזן אין דער וועלט, שטעהט דאָרט אין פאָדערגרונד. דוד איז בײַ זיי דער אָנזאָג אויף קריסטוס און מיט זיין פערזאָן אידענטיפיצירט. דערפאַר ווערט דאָרט די ראָלע פונ׳ם חיה־באצווינגער על־פי־רוב צוגעטיילט דוקא דוד׳ן, כאָטש אמאָל באקליידט זי אויך שמשון. דאגעגן איז מיר נאָך ניט פאָרגעקומען, אז דוד זאָל אויך אין דער יידישער בוך־אילוסטראַציע געשילדערט ווערן אין דער ראָל פון א לייב־באצווינגער. דאָ קען מען דוד׳ן גיכער אלס אלטן גרויווייסן קעניג, זיצענדיג אויפ׳ן טראָן אָדער שפּילנדיג אויף דער האַרפע, אָדער אויך תפלה־טוענדיג. דער לייב־באצווינגער, דער פאָלקסטימליכער העלד, דער סימבאָל פון ישראל׳ס גבורה — איז שמשון, אזוי ווייט, ווי מ׳קאָן אָפּלערנען פון דעם אונז ביז איצט באוואוסטן מאַטעריאַל. אין אים באגריסן מיר די פארקערפערונג פון יידישן נאַציאָנאַלן העלדנטום.

רחל ווישניצער־בערנשטיין



רוקן פון א פּערסישן איינבאנד פונ׳ם 16־טן יאָרהונדערט

PERSIAN BINDING, 16th CENTURY. FROM F. SARRE, ISLAMISCHE BUCHEINBÄNDE, 1923.
BY KIND PERMISSION OF THE SCARABAEUS VERLAG, BERLIN




שמשון הגבור אלס לייב־באצווינגעד, פון א קאָרפואנער מחזור פונ׳ם יאָר 1700. זאמלונג אלקנה אדלער אין לאָנדאָן.

SAMSON ON THE LION. FROM A MACHSOR, KORFU, 1700. ELKAN ADLER COLLECTION, LONDON

# איסלאמישע בוך־איינבאנדן

פאר דעם ליבהאָבער פון א שענעם בוך איז די בוך־קונסט פונ׳ם אָריענט איינע פון די באצויבערנדסטע קאפיטלען. סוף כל סוף טראָגן די וואונדערפולע איינבאנדן, וואָס אייראָפּא האָט פראָדוצירט אין הונדערטיעריגער אנטוויקלונג, אלע דעם אָבגלאנץ פונ׳ם מזרח, פון יענעם ערלעזענדען געשמאק און פארפיינערטער טעכניק, וואָס דער מזרח־מענש האָט ארויסגעארבעט.

אונטער דעם אלגעמיינעם באגריף איסלאמישע בוך־איינבאנדן האָט פ. סאַררע צוזאמענגעשטעלט א זאמלונג פון איינבאנדן עגיפטישע (פון 9—15 יארהונדערט) און פערסיש־טירקישע (פון 16—18 יארהונדערט), וועלכע איז ערשינען דאָ ניט לאנג אין פּאָרטרעפליכע פארביגע רעפּראָדוקציעס אין סקאראַבעאוס־פארלאג אין בערלין. סאַררעס הקדמה און די פירושים זיינע צו יעדן בילד באזונדער באקענען דעם לעזער מיט אויסגעצייכענטסטע טיפּן פון דעם איסלאמישן בוך־איינבאנד.

אין דעם עגיפטישן בוך־איינבאנד ווערט באנוצט דער ארקאדן־מאָטיוו (9—10 יארהונדערט), דאָס מאָזאיק־מוסטער, דאָס גראטעמוסטער, די אראבעסקע, דער שטערן מיט א סך עקן, די קניפּן און פלעכטונגס מוסטערן (14—15 יארהונדערט). אין די שפּעטערע עגיפטישע איינבאנדן זעהן מיר דעם אָוואלן ציערשילד מיט אויסלויפערס און עק־אנפילונגען. דאָס שילד איז אויסגעפילט מיט געאָמעטריזירטע צווייגן עהנליך צו אראבעסקן, בשעת אין די פערסישע איינבאנדן ווערט עס געפילט מיט נאטוראליסטישע פארצווייגונגען, אפילו מיט לאנדשאפטן. אויב אבער עס ווערן שוין יאָ באנוצט אין די פערסישע איינבאנדן געאָמעטרישע פאָרמען, קומען זיי ארויס, דורך די אין זיי אריינגעפיהרטע זיגזאגן, באוועגליכער און דערמאָנען אביסל אָרגאנישע פאָרמען. אין דער אפבילדונג פון א איסלאמישעס איינבאנד, וואָס מיר גיבן דאָ (גענומען פון סאַררעס ווערק) האָבן מיר דעם פערסישן צווייג.

די אפבילדונג אויף זייט 5 ווייזט די דרויסנזייט פונ׳ם הינטערשטן דעקל בא א פערסישן איינבאנד פונ׳ם 16 יארהונדערט. דאָ האָבן מיר א ביישפּיל פון די וואונדערפולע פערסישע לאק־איינבאנדן וועלכע פלעגן געמאכט ווערן אויף אַזאַ אופן: אויף א פאפּן־דעקל וואָס איז באגרונטעוועט מיט קרייד, לעגט מען ארויף א דינעם שיכט פון לאק, וועלכער דינט אלס אונטערלאגע פאר דער מאָלעריי. די מאָלעריי ווערט דאן באדעקט מיט עטליכע לאגן פון שיצענדן דורכזיכטיגן לאק. אויף דער אייבערשטער לאג פון דעם לאק ווערט ערשט אָנגעזעצט דאָס פליסיגע גאָלד, זילבער און שטויב פון פערלמוטער.

אויף דעם איינבאנד, וואָס איז דאָ אָפּגעבילדעט, שטעלט זיך פאָר, אין א רייכער לאנדשאפטליכער סביבה, א סצענע פון א הערשער וואָס זיצט אויף א טראָן. די פערזישע איינבאנדן פונ׳ם 16־טען יארהונדערט, די אויפבליהונגסצייט פון דער סאַפאַווידן־עפּאָכע, פארגליכן מיט די מיניאטורן פון דערזעלבער צייט, געהערן, לויט סאַררעס מיינונג, צו די קינסטלעריש און טעכניש פאלקאָמסטע שאפונגען פון דער פערסישער קונסט.



יוסף און זליכה, פון א פראגמענט פון דזשאמי׳ס ווערק „יוסף און זליכה״. פערסיש מיט העברעישע אותיות פונ׳ם 17־טען יאָרהונדערט.
אלקנה אדלער׳ס זאמלונג, 77 T 1440 אין לאָנדאָן.

YUSSUF AND ZULEIKAH. FROM A PERSIAN POEM BY JAMI, 17th CENTURY. PERSIAN IN HEBREW CHARACTERS
ELKAN ADLER COLLECTION, 1440. T. 77, LONDON




גאָלדגלאז, 4-טעס יאָרהונדערט  קאָמעטעריום בא דער וויאַ לאביענא אין רוים

SPECIMEN OF THE *FONDI D'ORO*, 4th CENTURY. FROM THE CEMETERY ON THE VIA LABIENA, ROME
REPRODUCED FROM DE ROSSI, ARCHIVES DE L'ORIENT LATIN, 1883

# יידישע גאָלד־גלעזער

## א בייטראג צו דער קענטניש פון יידישן בילדער־קרייז.

### א.

די עלטסטע שפורן פונ׳ם גלאָז פיהרן אָהן צווייפל צום לאנד פון די פרעה׳ס, זיי דערלאנגען דאָרט ביז צום 4־טן יאָרטויזנט פאר דער געוועגליכער צייטרעכנונג. די באארבייטונג מיט׳ן פייפיל, דאָס אויסבלאָזן פון גלאָז, איז נאָך דעמאָלט ניט באוואוסט געוועזן, — ניט ווי אנדערע מיינען אויף גרונט פון בעני-האַסאַנ׳ס בילדער, וועלכע מ׳רעכנט ביזהער אז זיי שטאמען פון דער צייט פון דער 12־טער דינאסטיע (2840—3050 פאָר קריסטוס). לויט קיזא* דארף מען אוועקשטעלן די דאטע ווען דאָס גלאָס איז ערפונדן געוואָרן אין די 40 יאָר צווישן דעם סוף פון דער רוימישער רעפובליק און דעם אנפאַנג פון דער קייזערצייט.

דאָס גלאָז, וואָס ווערט געפונען אויפ׳ן באָדן פון סיריע און פון ארץ־ישראל, געהערט כמעט כסדר צו דער קייזערצייט. נאָר עטליכע עלטערע באלזאם־גלעזער, וואָס זיינען געפונען געוואָרן אין ירושלים זיינען אפשר אהין געבראכט געוואָרן מיט אייניגע יאָרהונדערט צוריק. וואָס פאר א באדייטענדע אויפבליהונג ס׳האָט געהאט די אינדוסטריע אין סיריע בשעת דער קייזערצייט, באווייזן די רייכע מציאות, וואָס מ׳האָט געפונען בשעת׳ן בויען די באגדאד־באהן און אנדערע באהנען,

* קיזא: דאָס גלאָז אין אלטערטום, לייפציג 1908.

אין אלט־רוימישע קברים פונ׳ם דאָזיגן לאנד. צומייסטן זיינען די קברים געווען איינגעגראָבן אין די פעלזן ווי אייוועלעך און זיינען א לאנגע צייט געבליבן פארשוינט פון די רויבערבעדואינען צוליב דעם אבערגלויבן. באזונדערס פיל האָט געגעבען די באהן־שטרעקע צווישן יפו און ירושלים און דאן ווייטער די שורה פון אלטע קברים, וואָס ביי בית גוברין (דעם אלטען עלעיטאָראָפאָליס) און ביי אשקלון. פון די כלים צום נוצען איז, נאטירליך, שווער צו אונטערשיידן עפיס ספעציפיש יידישעס, פונקט אזוי ווי מ׳קאָן היינט ניט געפונען קיין באזונדערע נאציאָנאלע סמנים אין די כלים, וואָס דינען איבעראל צום נוצן. דאָך לאָזט זיך פון דעם סאָרט גלאָז דערקענען געוויסע אייגנשאפטן, וועלכע ווייזן אָן, אז זיי זיינען אויסגעארבייט אין יידישע היטעס. ברוינעס גלאָז ווי שערלאקפארב פלעגט מען געוויינליך אויסארבייטן אין חברון, וואו די דאָזיגע מאנופאקטור איז געלעגן הויפטזעכליך אין יידישע הענד, אזוי ווי דאָס באווייזן די ליטערארישע קוועלן. די דאָזיגע מאנופאַקטור האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, דערהאלטן ביז צום מיטל־אלטער, בשעת די היטעס אין צפון זיינען בשעת די איבערקערענישן אין טאמערלאנקס צייט חרוב געוואָרן, און ערשט דערנאָך אויפגעשטאנען תחית־המתים גאָר אין סאמארקאנד.

אַנדערש איז עס מיט די גלאָז־שטיקליך, וואָס טראָגן פארצירונגען און אויפשריפטן און לאזן זיך פונ׳ם אינהאלט שוין איקאָנאָגראפיש דערקענען, אז דאָס זיינען יידישע זאַכן, כאָטש עס איז דערמיט גאר ניט געזאָגט, אז זיי זיינען זאַכן פון רעליגיעזן קולט. די יידן פון דער קייזערצייט האָבן געקאָנט אויספוצן אויך כלים פון טעגליכן געברויך מיט זייערע יידישע עְמבלעמעס.

פון ארץ־ישראל שטאמען דריי גלעזער אין סאמבאָנ׳ס־זאמלונג אין פאריז*. א טאָפּ פון רויט־ברוינעם גלאָז אין פאָרם ווי א קורצע פינף־קאנטיגע פריזמע מיט א קורץ העלזל, אזוי ווי אונזערע טינטערס. די זייטן זיינען פארצירט מיט איינגעגראָבענע בילדער: מ׳דערקענט א דעקל פון א בוך, א טויער פון א טעמפל, א פאלמע, די מנורה מיט די זיבן רעהרן און צוויי אָרנאמענטן אזוי ווי באשלאג מיט פראַנזען ווי ליליען. די כלי איז געבלאָזען אין א פורעם און ס׳איז קלאָר, אז זי שטאמט פון איינער פון די פילע יידישע היטעס פונ׳ם 4־טן יאָרהונדערט, און לויט דעם גלאָז־סאָרט, אודאי פון חברון. פון דעם זעלבן מקור זיינען אויך אפשר די אנדערע צוויי גלעזער אין דער זעלבער זאמלונג. איינע איז ווידער א טאָפּ א פינף־קאנטיגער, ארוף־צו א ביסל ברייטער און פארצירט מיט א זיך־שלענגלענדיגן גלאָז־פאָדים, בערך ווי דאס סירישע Scyphi à jour. אוף די זייטן זיינען אויך דא איינגעגראבענע פארצירונגען, צום טייל דיקע געפלעכטן, צום טייל דאָפּלראָמבען מיט קליינע רינגען און האלבע לבנות, צום טייל פאלמע־צווייגן. עהנליכע באפּוצונגען געפינען זיך אויך אויפ׳ן אנדערן גלאָז, וועלכער איז א אכטקאנטיגעס קענדיל מיט א גלאָז־פאָדים ארום דעם האלז. די דאָזיגע צוויי לעצטע כלים מוזן זיין, אזוי ווי עס באווייזן זייערע גלייכן, וועלכע געפינען זיך אין דעם בערלינער און מינכענער מוזעען**, פונ׳ם געוועהנליכן גרינעם גלאָז וועלכן די חברונ׳ער היטעס פלעגן ניט פאראַרבייטן. די דעקאָראַציעס קומען פאָר אפילו על פי רוב אין דער יידישער גרעבערקונסט, אמאָל אבער אויך אין דער קריסטליכער. דאגעגן מוז דאָס ערשטע גלאָז געוויס האָבן געדינט נור פאר יידישע צוועקן, דען זיינע פארצירונגען קומען פאָר אין אָט דער צוזאמענשטעלונג נאָר אויף יידישע זאכן. אויב די בילדער נארן אונז ניט, מוז מען זאָגן אז קיזא האָט ניט גאָר ריכטיג אויסגעטייטשט איניגע פון זיי; ער האָט טאקע ניט געהאט פאר זיך דאָס שפעטער באקאנט געוואָרענע פארגלייכס־מאטעריאל. מחמת דעם וואָס אין בערלינער אנטיקוואריום געפינט זיך א גלאָז, וועלכע איז אין דער פארב, אינ׳ם מאטעריאל און אין דער באפוצונג לחלוטין גלייך צו דעם, און אין דער פאָרם זעהר ענליך, ניט מעהר אנשטאט א פלאכער אריינגאָס־שאָל, האָט זי דאָ א מין פלאשן־האַלז, וועלכער



אלטע גלאז־פלאש מיט יידישער אָרנאמענטיק
אנטיקיואריום פון די בערלינערמוזעאומס

ANTIQUE GLASSBOTTLE WITH HEBREW ORNAMENTATION,
ANTIQUARIAN DEPARTMENT OF THE EERLIN MUSEUM

דערלאנגט מיט א אויער ביז צום בויך פון דער כלי (זעה בילד איבער דער שורה) — קאן מען שוין אונטערנעמען א פארגלייך צווישן דעם און אנדערע געגנשטאנדן פון דערזעלבער צייט. ריכטיג האָט קיזא מפורש געווען נאָר די זיבענרעריגע מנורה און די פאלמע, וועלכע קומען זעהר אָפט פאָר אין דער יידישער גרעבערקונסט, למשל אויף די סארקאָפאגן פון דער Vigna Randanini אין רוים און פון מילעט (ביידע געפינען זיך אצינד אין קאיזער־פרידריך מוזעאום אין בערלין). דאגעגן אָבער דאָס, וואָס ער האָט אנגענומען פאר א טויער פון א טעמפל, איז ניט עפיס אנדערש ווי א סימבאָלישער רמז אויף דער ארכיטעקטור פונ׳ם ארון קודש, אזוי ווי מ׳געפינט איהם אויפ׳ן וואנדפריז פון דער שוהל אין קעראזא* און אזוי ווי זיי קומען אויך פאָר אין די גלילישע שוהלן אינעווייניג. פון דער דאָזיגער ארכיטעקטור ווייזט אויס האָט זיך אנטוויקלט די מאהאָמעדאנישע געבעט־נישע;

* פארגלייך: סאמבאָן, „אלטע גלעזער״, אין „לע־מוזעי״, פאריז 1906.
** קעסטער, „אלטע גלעזער״, אין „צייטשריפט פאר בילדענדע קונסט״ לייפציג 1921.

* קאָהל און וואטצינגער, אלטע סינאגאָגען אין גליל, לייפציג 1916.

יעדנפאלס האָט זיך דאָ אין דער דאָזיגער אומראַמונג קונה מקום געווען דער ארון קודש, וואָס זיין אָפּגעמעל וועט אונז נאָך באַשעפטיגן ביי די גאָלדגלעזער, וואָס מיר וועלן פון זיי שפּעטער ריידן. דאס וואָס האָט זיך קיזא׳ן געדאַכט אלס א דעקל פון א בוך און אלס באַשלאַג אָרנאַמענטן מיט ליליען־פראַנזען איז אָהן ספק פשוטע פאַרצירונגען, וואָס קומען פאָר אויף קריסטליכע גלעזער, פונקט אזוי ווי די בילדער האָבן בעצם אַן אָרנאַמענטאַלן כאַראַקטער.

פון א פאַלעסטינישן ווארשטאַט שטאַמט, ווייזט אויס, אויך א ניט־דורכזיכטיגע פילפאַרביגע גלאָז־פלאַש, וועלכע געפינט זיך אויך אין בערלינער אקוואַריום. דער בויך פון אט דער פלאַש איז אונטן און אויבן אָפּגעטיילט דורך רינגען און אין מיטן איז ער דורך יאַנישע זיילן צוטיילט אין 6 פעלדער, וועלכע זיינען פאַרפּוצט מיט וואַזן, פרוכטן־שאָלן, טרויבן און צווייגן. איינע פון די וואַזן האָט מען אויך אנגענומען פאַר א מילגרוים, נור דאָס איז, צוליב דער ניט שאַרפקייט פון די קאָנטורן און איינפאַרביגקייט, וועלכע לאָזן ניט שטאַרק אַרויסטרעטן דעם רעליעף פון׳ם גרונד, שווער צו אנטשיידן. יעדנפאלס איז די אָרנאַמענטיק ענליך צו דער פון די יידישע מטבעות. אזוי באַגעגנט מען למשל די טרויבן אויף די מינצן פון׳ם ערשטן יידישן אויפשטאַנד אין בר־כּכבא׳ס צייט, דעם מילגרוים — אויף די מטבעות פון הורדוס המלך, אויך וואַזן־אַרטיגע כלים קומען פאָר אויף די יידישע מטבעות. די דאָזיגע באַפּוצונגס־פאָרמען קענען מיר אויך פון ניט־יידישע זאַכן. אויף וויפיל אבער זיי זיינען פאָרט אנדערש לאָזט זיך ביי דער פליכטיגער טעכניק און ביי דער זעלטנקייט פון יידישע גלעזער מיט אַזעלכע עמבלעמעס, ניט זאָגן. יעדנפאלס מעגן מיר אויך אָט די פלאַש צורעכנען צו די יידישע זאַכן, ניט אָפּגעבנדיג איהר, ווי שמואל קרויס, אַן אָרט דוקא אינם סינאַגאָגאַלן קולט. דען דאָס פלעשל האַלט קוים 10—8 צענטימעטער די גרויס און האָט געקאָנט דינען העכסטענס אלס א זאַלב־געפעס, אודאי מיטצוגעבן עס אין קבר אריין.

די גלעזער, וואָס מיר האָבן ביזהער פון זיי גערעדט, אזוי גערופענע רעליעף־גלעזער, האַלט מען פאַר א ספּעציעלע סירישע המצאה, זייער אויסאַרבייטונג איז אין א געוויסן אופן ענליך צו מעטאַל גיסן. פון געברענטן ליים אָדער פון האָלץ ווערט געמאַכט א אויסגעהוילטע פאָרם, וועלכע שטעלט זיך צונויף פון 2 אָדער 3 טיילן און אין דער פורם אריין בלאָזט מען אריין מיט א פייפל די פליסיגע גלאָזמאַסע. די דינע און געשמיידיגע גלאָזפליסיגקייט פאַסט זיך אריין אין די ווענד פון דער פורם און נעמט אויף די דאָרט שפּיגל אויסגעקריצטע געמאָלן. נאָכדעם ווי דאָס גלאָז ווערט אָפּגעקילט און אַרויסגענומען פון דער פורם, האָט איהר אויף איהם אין רעליעף יענע, אין דער פורם איינגע־קריצטע שפּיגלבילדער. די כלים גופא וואָלט מען געקאָנט מאַכן דורך איינפאַכן גלאָז־בלאָזן, די פורם האָט מען גע־דאַרפט צוליב די פאַרצירונגען. דעם האַלז און דעם שטאַנד־פלאַך פלעגט מען צומאַכן שפּעטער לויט די באַקאַנטע גלאָז־מאַכערייקונסט, אזוי ווי עס פלעגן צוגעמאַכט ווערן אויך די אויערלאַך. די פאָדים־פאַרצירונגען פלעגן צוגעמאַכט ווערן מיט די הענט. אויב דער פורם איז ניט גענוג שאַרף געווען, פלעגן זיי אָפּט פאַרענדערן די רעליעף־בילדער און דעריבער האָבן איניגע פאָרשער דערקלערט די קאַנטיגע געפעסן אלס שטומפּיג־געוואָרענע מוסטערן פון זיילן דעקאָראַציאָן. אנדערע מיינען אבער, אז דאס זיינען נאָכמאַכונגען צו די מעטאַלאַרבייטען, וועלכע האָבן, ווי באַקאַנט, געהאַט אַן איינ־פלוס אויך אויף דער קעראַמיק. יעדנפאלס איז די אויס־אַרבייטונג פון קאַנטיגע גלעזער געווען א עפּאָכע מאַכנדיגער חדוש לגבי די געוואוינטע פאָרמען, וועלכע האָבן זיך איינגע־וואָרצלט דורך דעם באַנוצן די דרעהבאַנק און די טעפּער־שייבע.

נעבן די איינפאַרביגע גלעזער ווייסן מיר אויך פון אַזעלכע וואָס זיינען געווען פאַרצירט דורך מאָלעריי אָדער פאַרגאָלדעט און וואָס זייער רייכע באַפּוצונג געהערט צו די וויכטיגסטע דאָקומענטן פון דער פאַרגאַנגענהייט.

די אינטערעסאַנטעסטע ערשיינונגען צווישן די אַלטע גלאָז־פאַרגאָלדונגען זיינען די אזוי־גערופענע Fondi d'oro, די גאָלדגלעזער, וואָס זיינען געפונען געוואָרן אין א גרויסער צאָהל — ביזהער שוין איבער 350 שטיק — אין איטאַליע, אין די רוימישע קאַטאַקאָמבעס (פון דאָרט שטאַמען די ביזהער באַקאַנטע יידישע גאָלדגלעזער) און אויך ביים רהיין. אין די רוימישע קאַטאַקאָמבעס זיינען די גאָלדענע שאָלן על פי רוב אריינגעדרוקט געווען אין די אויסערליכע פאַרקאַלכונג פון די קברים (די loculi) און די ראַנדן זיינען במשך הזמן אָפּ־געבראָכן געוואָרן ביז צום סאַמע דנאָ. דאָס זיינען יעדנפאלס ניט בלויז דעקאָראַציעס, נאָר גאַנץ געוויס צייכנס פון אָנ־דענקען און א מין קרבן־מתנה, דען מ׳געפינט זיי הויפּט־זעכליך אויף די קברים פון קדושים, וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען צוליב דער אמונה (ביי די קריסטן). בא אנדערע זיינען זיי מיטגעגעבן געוואָרן אין קבר אריין און מ׳געפינט זיי דאָרט צוקאָפּנס אָדער אויף דער ברוסט פון׳ם בר־מינן.

די גרעסערע עקזעמפּלאַרן זיינען פלאַכע, אָדער נאָר א ביסעלע געוועלבטע גלאָז־שאָלן, וואָס אויף זייער דנאָ ליגט צווישן צוויי דורכזיכטיגע שיכטן א גאָלדענער בלאַט. איינע פון די דאָזיגע שאָלן האָט צוויי אויערן. די קלענערע זעהן אויס ווי קיילעכיגע בעכער, וואָס זייער דנאָ איז באַפּוצט מיט א גאָלדן בילד. אנדערע ווידער זיינען געווען באַשטימט אריינגעפּרעסט צו ווערן אין די ווענט פון די בעכערס. ס׳זיינען געפונען געוואָרן אויך גאַנץ פלאַכע מעדאַליאָנעס, וועלכע זיינען איינגעפאַסט אין מעטאַל און האָבן א אויערל צו טראָגן אלס צירונג אויף׳ן האַלז.

אויף׳ן גאָלדענעם בלאַט איז מיט א שאַרפן שטיפט איינ־געקריצט א צייכנונג, און די איבריגע טיילן פון׳ם בלאַט, דער הינטערגרונד, איז אָפּגעשאָבן. געוועהנליך איז דאָס בילד אויף אזא אופן צו זעהן פוןביידע זייטן, ווייל סיי דער גרונד, סיי דער איבערהאַנג, זיינען ביידע פון פאַרבלאָזן גלאָז. אַמאָל אבער איז דאָס גאָלדבלאַט אויפגעלעגט אויף א בלויען, פיאָלעטן, גרינעם אָדער רויטן גרונד און דאַן זעהט מען עס נאָר פון דער אויבערשטער זייט. זעהר אָפט איז נאָך אַרויפ־געלעגט אויף איינצעלנע טיילן פון׳ם גאָלד עמאַיל־פאַרב.

די שאָלן דערקענט מען דורך דער פאָרם, אָפּטמאָל אבער ערשט דורך די שפּרוכן, אז דאָס זיינען טרינק־גלעזער. צום מייסטן געפינט מען אויף די גאָלדגלעזער, אזוי ווי בכלל אויף

די טרינקבעכער פונ׳ם 3־טן און 4־טן יאָרהונדערט, דעם שפּרוך Pie Zeses, אָדער נאָר Zeses אליין. תחלת איז ער געשריבן נאָר מיט גריכישע אותיות, שפּעטער אבער מיט לאַטיינישע און אָהן שום באַדענקען צוגעטשעפּעט צו לאַטיינישע ווערטער. דיאָ קאַסיוס האָט אונז איבערגעגעבן די פאָרמולע, וואָס מ׳פלעגט באַנוצן בא טרינקגעזעלשאַפן און בשעת יום־טובדיגע צוזאַמענקונפטן צו די געזונדסווינשעוואַניעס. צוליב דער דעקאָראַציע האָט מען די גאָלדגלעזער נאָר זעלטן־ווען באַנוצט צום געוועהנליכן געברויך און זיי האָבן מעהר געדינט אַלס מתנות, אַלס צירונג אין שטוב אָדער אַלס מיטגאָבן אין קבר אַריין. צו די לעצטע געהערן אַלע יידישע געפונענע זאַכן.

צווישן די ביבלישע בילדער, וועלכע געהערן אפילו מייסטנס דעם קריסטליכן קולט, קומען פיל מאָל פאָר יידישע סימבאָלן ווי די זיבענרעריגע מנורה און בילדער פונ׳ם בית המקדש. וואַהרשיינליך זיינען דאָס די אַרבייט פון יידן, וועלכע האָבן זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון גלאָזמאַכן בא די מצרים און בא די כנענים און זיך מיט איר באַשעפטיגט, ווי עס באַווייזן די רעשטן פון די חברונער היטעס, נאָך אונטער דער ביצאַנטינישער הערשאַפט. אין רוים גופא האָבן אויך געמוזט זיין, אַחוץ יידישע סוחרים פון גלאָז־כלים, אויך יידישע גלאָזמאַכער, כאָטש דער אַנטיסעמיט מאַרטיאַל ווייסט נאָר צו דערצעהלן פון זיי, אַז זיי פלעגן הויזירן מיט גלאָזשערבעליך. ניקאָלאַי מילער דערצעהלט אין זיין קליינעם ווערקל: „די יידישע קאַטאַקאָמבע אויפ׳ן מאָנטווערד אין רוים״ (בערלין 1912) אַז אין דער יידישער קאַטאַקאָמבע געפינט זיך מעהר גלאָזשערבליך ווי אויף די קריסטליכע צווינטערס פון דערזעלבער צייט. דאָס איז געוויס אַ סימן, אַז די גלאָז־אינדוסטריע־אויסאַרבייטונגען זיינען דורכגעגאַנגען דורך די הענט פון די יידן אין רוים. אין די קאַטאַקאָמבעס פון די ערשטע צוויי יאָר־הונדערטן זיינען די גאָלדגלעזער נאָך ניט אַנצוטרעפן. זיי הויבן זיך אָן יאַווען ערשט באַם סוף פונ׳ם 2־טן און 3־טן יאָרהונדערט, און ציהען זיך ביז אין 5־טן יאָרהונדערט אַריין.

צווישן די בילדער אויף די יידישע גאָלדגלעזער מוזן געוויס יענע אַם אינטערעסאַנטעסטן זיין, וועלכע שטעלן פאָר דעם בית־המקדש. ביז איצט זיינען באַקאַנט געוואָרן צוויי אַזעלכע עקזעמפּלאַרן. איינער געפינט זיך איצט אין קריסטליכן מוזעאום בא דער ביבליאָטעק פונ׳ם וואַטיקאַן. דע־ראָססי האָט וועגן דעם געשריבן אין „אַרכיוו דע ל׳אָריענט לאַטען״ 1883. פון זיין אַרבייט האָבן מיר גענומען דאָס בילד אויף זייט 8.

נעבן דער בלויליכער גלאָזפאַרב און דעם גאָלדגרונד איז אויף דעם דאָזיגן גלאָז נאָך דאָ אַ אויפטראָג פון רויט, העל־ און טונקל־גרין. דאָס בילד, וואָס שטעלט פאָר אַ מקום קדוש, איז געגעבן פון דער לופטן, אַ ביסל פאַרקלעמט פון די זייטן. אין מיט׳ן פון אַ הויף, וועלכער איז פון דריי זייטן אַרומגענומען מיט זיילן־שורות, דערהויבט זיך אויף היבש הויכע טרעפּ, דאָס געבילד פון אַ טעמפּל, וואָס זיין פראָנטאָן האַלט זיך אויף 4 רויטע זיילן. צווישן וועלכע ס׳זעהט זיך אין דער מיט אַ גאָלדענע טיר, געעפנט צום אינעווייניג צו. דער טימפּאַנאָן פונ׳ם פראָנטאָן ווייזט אַ זיבן־רעריגע מנורה אין גרין. פון ביידע זייטן פון דער געביי שטעהן אָפּגעזונדערט צוויי הויכע בראָנז־פאַרביגע זיילן. פון דער פאָדערשטער זייט איז דער הויף אָפּגעשלאָסן דורך אַ גראַטע נעבן וועלכער, אין הויף אַריין, עס שטעהט אַ טיש; אויף איהם — גאָלדענע וואַזעס, אַ לולב מיט ערבות, הדסים און אַ אתרוג. צווישן זיי אַ זיבן־רעריגע מנורה, פון וועלכער עס ציטערן רויטע פלאַמען. פון יענער זייט פון דער זיילן־שורה, אויף רעכטס פונ׳ם קוקער, געפינען זיך צוויי פּערספּעקטיוויש געגעבענע געביידן, יעדע הינטער אַ פאַלמע. דאָס גאַנצע בילד איז אַרומגענומען מיט אַ קרייז. ליידער איז די רעכטע העלפט אָפּגעבראָכן, פון דעסטוועגן לאָזט עס זיך דערגאַנצן דורכ׳ן פאַרגלייך מיט דעם פאַרבליבענעם. ביים אינעווייניגסטן ראַנד פון דעם שמאָלן איינראַמענדן רינג, שטעהט אַ אויפשריפט, וועלכער אַנטהאַלט אַ טרינק־שפּרוך, וועלכן מ׳טרעפט אָפט סיי אויף די געצענדינערישע, סיי אויף קריסטליכע און יידישע גלעזער, עס איז אַ מין אויפפאָדערונג: „טרינק און לעב מיט אַלע דייניגע״. מעגליך אַז דאָ איז נאָך געשטאַנען דער נאָמען פון דעם וואָס די כלי האָט איהם געהערט. נויטיג איז עס ניט, דען על פּי רוב זיינען דאָך די דאָזיגע כלים געאַרבעט געוואָרן פאַבריק־מעסיג, פאַר׳ן „מאַרק״. ווייטער לייענען מיר: „רוהה אין פרידן״ און „נעם אָן דעם ברכה־שפּרוך״. דעם טרינק־שפּרוך קאָן מען האַלטן אָנווענדבאַר אויך פאַר וואַכעדיגע טרינק־גלעזער. דער וואונש צו „רוהן״ אין קבר באַגעגנט זיך אָפט אויף יידישע מצבות־אויפשריפטן אין העבראַישער, גריכישער און לאַטיינישער שפּראַך. דער רמז אָבער אויף אַ „ברכה־שפּרוך״ טייט אָן שוין אויף עפּיס אַ טויטן־קולט. צי איז דאָ געמיינט די ליבע־סעודה פון די גלויביגע קריסטן, די ברכה וואָס מ׳האָט דאַן געמאַכט אויף וויין, אָדער אַ טויטן־געבעט ווי אונזער היינטיגער קדיש למשל, און צי איז בכלל דאָ עפּיס געמיינט, — וואַג איך ניט צו אַנטשיידן. יעדנפאַלס דאַרף די דאָזיגע מציאה נאָך פילאָלאָגיש אויסגעפאָרשט ווערן. קונסט־געשיכטליך קאָן מען דורך אַ פאַרגלייך מיט אַנדערע דענקמעלער פעסט זעצן זיין דאַטום בערך אויפ׳ן סוף פונ׳ם 4-טן יאָרהונדערט. פון יענער צייט זיינען נור נאָך די איבריגע גאָלד־גלעזער צו באַטראַכטן. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס בילד פונ׳ם בית־המקדש איז ניט קיין נאַטור־בילד, דען דעמאָלט איז דער בית־המקדש שוין לאַנג געווען חרוב, עס איז ניט מעהר ווי אַ פאָרשטעלונג, וואָס שטיצט זיך אויף דער מסורה. אַזוי ווי מיר האָבן בלויז די דאָזיגע צוויי פאָרשטעלונגען פון דער צייט פונ׳ם בית־המקדש, בשעת די אַנדערע גאָלד־גלעזער טראָגן שוין די פאַרצירונגען פון די שוהלן, איז דער דאָזיגער פאַקט נאָך מעהר כדאי צו אויפמערקזאַמקייט. מעגליך, אַז דאָס איז אַ כלי פון אַ שוהל, וועלכע האָט געטראָגן אויף זיך דעם נאָמען פון ירושלים, אָדער אפשר איז איהר בעל־הבית געווען אַ כהן. נעבן אָט דעם אויסערליכן שייכות קאָן מען אויך געפינען אַ אינערליכע שייכות צווישן דעם בילד און דער אויפשריפט. לויט דער רעליגיעזער פאָרשטעלונג וועט תחית המתים פאָרקומען אין איין צייט מיט בנין בית־המקדש; ס׳איז דעריבער גאַנץ נאָהנט, אַז די צוויי אידעען זאָלן פאַרבונדן ווערן אין אַ געגנשטאַנד, וואָס מ׳גיט־מיט דעם נפטר אין קבר אַריין.

שמשון טעפּליץ.



וואסערפאל     טוש-מאָלעריי     לי-קונג-סיען (סונג-דינאסטיע)

מזרח-אזיאטישע קונסטאָפּטיילונג אין די בערלינער מוזעאומס

A WATERFALL     INDIAN INK     LI KUNG-NIEN (SUNG DYNASTY)

FROM THE EAST ASIATIC ART SECTION OF THE BERLIN MUSEUM



לאנדשאפט מאָלעריי אויף זייד קואָ־הסי (צוגעשריבן דעם 10־טען יאָרהונדערט)
מזרח אזיאטישע קונסטאפטיילונג אין די בערלינער מוזעאומס

LANDSCAPE PAINTED ON SILK ATTRIBUTED TO KUO HSI, 10th CENTURY
FROM THE EAST ASIATIC ART SECTION OF THE BERLIN MUSEUM

# כינעזישע מאָלעריי

אין מיטעלפונקט פון אלע קינסטלערישע אינטערעסן איז אין כינא אלעמאָל געשטאַנען די מאָלעריי. מ׳זאָגט אָפט, אז דער מזרח־אזיאַט האָט נור ליב די קונסט פון די כלים און די מאָלעריי איז אויך ביי אים נור קונסט־געווערבליך. דאָס איז לחלוטין ניט ריכטיג. די מאָלעריי פארנעמט דוקא דעם העכסטן פלאַץ אין דער מלוכה פון דער קונסט. סיידן די קאַליגראַפיע קאָן זיך מיט איהר פארגלייכן. מאָלעריי און קאַליגראפיע זיינען דאָך אין גאנצן מזרח צווייגן פון איין שטאַם. די ווערטער וואָס באדייטן מאָלן און שרייבן ווערן געצייכנט מיט די זעלבע אותיות. מיט דעם זעלבן פּינזל און אפילו מיט דער זעלבן טוש, מיט וועלכן מ׳שרייבט, מאָלט מען אויך. איין און דערזעלבער ריטם באַזעלט די מאָלעריי און די קאַליגראַפיע. דער איינצעלנער ציה מיט׳ן פּינזל, און נור ער אליין, גיט דעם אייגענטליכן שליסל צו פארשטעהן א כינעזיש בילד, און ניט די רוימליכקייט, די מאָדעלירונג, די פערספּעקטיוו, די ליכט־ און שאָטן־ווירקונגען. אינ׳ם פּינזל־צוג אנטפּלעקט זיך דער זשעניע פונ׳ם מייסטער, אזוי ווי מ׳זוכט ביי אונז צו אורטיילן לויט דער האנטשריפט איבער דער פּערזענליכקייט פונ׳ם שרייבער. די סאַמע לעצטע פיינ־קייטן פון דער מזרח־אזיאַטישער קאַליגראַפיע קאָנען מיר, מערב־מענשן, נור זעלטן ריכטיג פארשטעהן, ווייל מיר קאָנען קיינמאָל ניט ריכטיג זיך אמת׳דיג דורכדרונגען מיט׳ן כינע־זישן כתב.

שוין פון זעהר אלטע צייטן, צומינדעסטן פונ׳ם 6־טן יאָר־הונדערט נאָך קריסטוס, האָבן מיר ידיעות וועגן געמעל־גאַלעריען, וואָס די קיסרים פלעגן זיך איינאָרדנען. מיר האָבן פון זיי קאַטאַלאָגען. פּונקט אזוי פריה האָט מען דאָרט אָנגעהויבן צו פילאָזאָפירן איבער׳ן מהות פון דער מאָלעריי. א גרויסע צאָל נעמען פון מאָלער זיינען באקאנט א יעדן אין כינא און אין יאַפּאַן, אזוי ווי ביי אונז די נעמען פון א אַפּעלעס, ראַפאַעל אָדער דירער. אפשר וועט אמאָל קומען די צייט, ווען מ׳וועט אויך ביי אונז אין די שולן הערן פון א וואַנג־ווייי (אין 8־טן יאָרהונדערט), פון א וואו־טאַאָ־טסו (8־טער יאָרהונדערט) אָדער פון א לי־לונג־מיען (11־טער ביז 12־טער יאָרהונדערט). די באדייטונג פון אָט די דאָזיגע כינעזן, וועלכע זיינען געווען אי דיכטער, אי געלעהרטע, אי מאָלער, איז געוויס ניט קלענער פון אונזערע לייט. די נאָכפראגע פונ׳ם גאנצן פאָלק נאָך געמעלען איז אלעמאָל געווען אומגעהייער. די אָרמסטע פאמיליע האָט באדארפט ביי די פארשידענסטע געלעגנהייטן מאָלערייען מיט בא־



וואָראָבייען אויף רייז־זאנגען — מאָלעריי אויף פאפיר — האן יע־טשאָ (12־טער יאָרהונדערט)
מזרח אזיאטישע קונסטאפטיילונג אין די בערלינער מוזעאומס

SPARROWS ON EARS OF RICE — PAINTED ON PAPER — HAN JE-CHO, 12th CENTURY
FROM THE EAST ASIATIC ART SECTION OF THE BERLIN MUSEUM

שטימטע מאָטיוון, ביי געבורט און ביי טויט, ביי שמחות אינ׳ם קרייז פון דער פאמיליע און ביי פיל אָפיציעלע חגאות. ווי גרויס מוז זיין אין אזעלכע אומשטענדן די צאָל פון די בילדער, וואָס זיינען אין פארלויף פון יאָרהונדערטן באַשאפן געוואָרן ביי א פאָלק, וועלכעס צעהלט היינט דריי הונדערט מיליאָן נפשות! אויף דער אנדערער זייט אָבער שטעהט דאָס קאליע־ווערן פונ׳ם זייד און פאַפיר — די וויכטיגסטע מאטעריאלן פון דער מאָלעריי — די אומצעהליגע מלחמות, די שרפות, פון וועלכע ס׳האָבן באזונדער געמוזט ליידן די, דער עיקר פון האָלץ געבויטע פאַלאַצן, טעמפלען און וואוין־הייזער. ס׳איז דעריבער פון אָנהויב אָן ניט זעהר וואהר־שיינליך, אז ס׳זאָלן זיך געפונען גאָר א סך אלטע אָריגינאַל־מאָלערייען, ובפרט, אז פון זיי זאָלן האָבן אָנגעקומען זעהר א סך קיין אייראָפּא, אָדער קיין אמעריקא. אוןווירקליך, בילדער פון דער ט׳אנג־צייט — אפשר די גלענצענדסטע תקופה פון דער כינעזישער קונסט (7 ביז 9 יאָרהונדערט) — זיינען אויפ׳ן אָרט כמעט גאָר ניט פארבליבן, אויב ניט צו רעכענען די נייעסטע געפינעכצן אין צענטראַל־אַזיע. אפילו סונג־מאָלערייען (פון 10 ביז 13 יאָרהונדערט) זיינען שוין זעהר זעלטן. דאָס בעסטע, וואָס מ׳קאָן דערווארטן, איז — ווערק פון די צייטן פון דער מינג־דינאַסטיע, וועלכע האָט אָנגעהויבן קיניגן אינ׳ם יאָר 1368.

דאָס רוב כינעזישע בילדער טראָגן באצייכנונגען פון באַרימטע נעמען פון אלטע צייטן, אפילו שטעמפלען פון די

באַרימטע מענשן, צו וועלכע די בילדער האָבן געהערט. דאָס
זאָגט אָבער ווייניג. די אויפשריפטן פלעגן שטענדיג אָפּקאָפּירט
ווערן אינאיינעם מיט'ן בילד. מ'דאַרף זיך ניט לאָזן פאַר־
בלענדזן די אויגן דורך די שיינע אויפשריפטן. מ'דאַרף זיך
אָבער ניט לאָזן נאַרן דורך דער גרויסאַרטיקייט פון דער
ערפינדונג, אזוי ווי דאָס טרעפט אזוי אָפט. ווען היינט וואָלט,
למשל, פלוצים זיך געיאַוועט א קאָפּיע פונ'ם געוואַלטיגן
איזענהיימער אַלטאַר אין קאָלמאַר פון גרינעוואַלד, בשעת דער
אָריגינאַל וואָלט ניט געווען באַקאַנט, ווי אזוי וואָלט די וועלט
פאַרגאַפט געווען! ביי דאָס רוב בילדער פון כינאַ, וואָס באַ־
ווייזן זיך אין אייראָפּא אָדער אמעריקא, איז לפחות דאָס
איינע זיכער, אז זייערע מאָטיוון שטאַמען פון גרויסע מייסטערס.
אָט פון דעם נעמט זיך די געוואַלטיגע ווירקונג וואָס זיי
האָבן אפילו אויף די אויגן, וואָס זיינען געוועהנט צו קונסט.
ווי געוואַלטיג וואָלט שוין געווען דער איינדרוק פון אָריגינאַל־
געמעלעכצן פון ווירקליך אַלטע צייטן און ווירקליך פון די
הענט פון ווירקליך גרויסע מייסטערס! אונזער באַקאַנטשאַפט
מיט א זעלכע אָריגינאַלן האָבן מיר צו פאַרדאַנקן כמעט אויס־
שליסליך די יאַפּאַנער. אזוי ווייט ווי מיר ווייסן היינט, איז
כמעט נור אין יאַפּאַן, אָדער דורך יאַפּאַנ'ס פאַרמיטלונג,
מעגליך צו זעהן, און אמאָל אויך צו קויפן, אָריגינאַלן פון
וועלכער ניט איז באַדייטונג. מן הסתם איז נאָך פאַראַן אין
כינאַ ערגיץ־וואו פאַרבאָרגן גענוג בילדער־אוצרות. אָבער, ווי
עס ווייזט אויס, האָט נאָך קיין אייראָפּעער אָדער אמעריקאַנער
מיט עפּיס אַן השגה אין קונסט זאַכן זיי ניט געזעהן. יאַפּאַן
אָבער קאָן נאַטירליך געבן נאָר א ווייטן אָפּשיין פון דער
כינעזישער פּינזעל־קונסט. דאָס בעסטע און דאָס באַרימטעסטע
איז טאַקע פאַר דער אָרימערער אינזעל־מלוכה גאָר ניט צו־
גענגליך געווען. בכל אופן אָבער פאַרמאָגט יאַפּאַן דאָך
וועלכע ניט איז מייסטערווערק פון דעם מיטן־לאַנד. אזוי
ווייט ווי מיר קאָנען אַריינקוקן אין דער געשיכטע פון יאָרן
צוריק, ווייסן מיר, אז יאַפּאַן פלעגט ביז כלות הנפש פאַר־
עהרן די כינעזישע קונסט. דער גרעסטער אידעאַל פון א
יאַפּאַנישן מאָלער איז געווען צו דערגרייכן צו זיין כינעזישן
פאָרבילד. פירשטן, אַדעליגע און די קלויסטערס פלעגן קאָנ־
קורירן איינער מיט'ן אַנדערן און געוואָלט איבערשטייגן
איינער דעם צווייטן אין דעם ענין זאַמלען כינעזישע געמעלן
און זיי אָפּהיטן מיט פיל ליבע — א סך געטרייער ווי דאָס
פלעגט געשעהן אין כינאַ גופא. ס'זיינען פאַראַן אין יאַפּאַן
כינעזישע בילדער, וואָס זייער יחוס דערגעהט ביז'ן 9־טן יאָר־
הונדערט אָהן שום ספקות. אין יאַפּאַן קאָנען מיר ווירקליך
דערפילן א געוויסן איינדרוק פון דער רעליגיעזער (בודדיס־
טישער) מאָנומענטאַלער און היסטאָרישער מאָלעריי פון דער
ט'אַנג־צייט. דאָ ווערט פאַר אונז לעבעדיג די מאָלעריי פון
דער סונג־צייט מיט איהרע אויסנעמליך קאָנצענטרירטע חיות־
און פיגורן־אויסמאָלעכצן און מיט איהרע באַזעלטע לאַנד־
שאַפטן־ערשיינונגען, עס טרעט אַרויס פאַר אונז דער כינעזישער
באַראָק אין זיינע בעסטע מוסטערן. און אויב די מזרח־
אַזיאַטישע קונסט־אָפּטיילונגען פון די בערלינער און איינציגע
אמעריקאַנישע מוזעען מעגן זיך באַריהמען מיט א רייה שענע
שאַפונגען פונ'ם כינעזישן פּינזל, האָבן זיי צו דעם דערגרייכט
קודם כל דורך יאַפּאַן. סוף כל סוף בלייבט אָבער ריכטיג, אז



בודדאַ מאָלעריי אויף זייד (א אומבעקאַנטער קינסטלער פון 14־טן יאָרהונדערט)
מזרח־אזיאַטישע קונסטאָפּטיילונג אין די בערלינער מוזעאומס

BUDDHA PAINTED ON SILK UNKNOWN ARTIST, 14th CENTURY
FROM THE EAST ASIATIC ART SECTION OF THE BERLIN MUSEUM

אונזערע קענטנישן וועגן די אָריגינאַלן פון דער כינעזישער
מאָלעריי זיינען נאָך זעהר אָרים: א קליינער אויסשניט, ווי
ניט איז פאַרגליכן מיט דעם, וואָס די ליטעראַרישע מקורות
לויבן, צוגעפּוצט לויט יאַפּאַנישן געשמאַק, דאָס איבעריגע צו־
געלעגט פונ'ם ווייטן ווידער־קול, וואָס קומט פון די אומ־
צעהליגע נאָכגעפּיהלן און קאָפּיעס. דאָס איז אָבער גענוג צו
באַשטעטיגן די מיינונג, אז די מאָלעריי איז די העכסטע שאַפונג
פון דער כינעזישער פאַנטאַזיע און אויף אזא אופן איינע
פון די רייכסטע ערשיינונגען אין דער וועלט־קונסט.

מ'דאַרף עס באַגריסן מיט פרייד, וואָס די מאָלעריי פון
כינאַ געפינט ביי אונז היינט אזוי פיל ליבשאַפט. איך גלויב
ניט, אז דאָס זאָל זיין בלויז א מאָדע־זאַך פון דעם וואַנקל־
דיגן געמיט. ניין, דאָ זיינען פאַראַנען טיפע סבות וועלכע
האָבן געבראַכט ענדליך דערצו, אז מיר זאָלן אָנהויבן ערנסטער

פאַרשטעהן די מזרח־אַזיאַטישע קולטור און איהר קונסט. אין מזרח־אַזיע איז דער אויסדרוק, די באַזעעלונג, אלע מאָל געווען דאָס ציל פון יעדן קינסטלערישן ראַנגלען. קיינמאָל, אָדער ערשט אין די לעצטע יאָרהונדערטן, אונטער דעם אייראָפּעישן איינפלוס, איז דאָס דאָזיגע שטרעבן אַראָפּגעפירט געוואָרן פונ׳ם וועג דורך נאַטוראַליסטישע צילן. די אייראָפּעישע קונסט איז געווען אין די אלטע צייטן, און דאַן ווידער זינט דער רענעסאַנס, וועלכע האָט נאָך אַמאָל געלאָזט אויפפלאַטערן די פאָהן פון אַלטערטום, אלע מאָל נאַטוראַליסטיש אין איר יסוד. יעדעס אייראָפּעאישע געמעל זינט דעם 15־טן יאָרהונדערט ווירקט, ווען מ׳פאַרגלייכט עס מיט א ווייט־מזרח׳שן, כמעט מאוימדיג נאָהנט צו דער ווירקליכקייט. ערשט אין דער נייסטער צייט הויבט מען אָן צו פיהלן די דאָזיגע פּענטע פון ניט־קינסטלערשקייט און מ׳פאַרנעמט זיך זי צו צערייסן. אפשר איז עס שוין אזאַ גורל אויף דער מערב־וועלט זי זאָל קיינמאָל ניט קאָנען זיך אינגאנצן באַפרייען פון דעם שניידנדיגן דרוק פון דער קאלטער וויסנשאַפטליכקייט. אלעס, וואָס מ׳האָט אין דיזן קאמף צוגעטראַכט נאָך אויפ׳ן גרונד פון אויסגעקליגלטע טעאָריעס, עקספּרעסיאָניזם, קוביזם, פוטוריזם, סימבאָליזם, — דאָס אלעס האָבן זיי שוין לאנג פאַרמאָגט אין אינדיע, אין כינא, אין יאַפּאַן, ווי א מתנה, אראָפּגעפאלן פונ׳ם הימל, ניט אלס טעאָריע, נור אלס בליהענדעס לעבן. עס קאָן גאָר ניט שאַדטן, אז מיר זאָלן זיך אזוי אָפט ווי מעגליך לאָזן עפּיס לערנען פונ׳ם מזרח, אז מיר זאָלן זיך באַמיהן צו באַגרייפן די יסודות פון דער ווייט־מזרח׳שער גייסטיגקייט. דאָס הייסט כלל ניט נאָכטון דעם מזרח. שוין צוויי מאָל אין פאַרלויף פון די יאָרהונדערטע האָט מזרח־אַזיע שטאַרק באַפרוכטעט אונזער אייראָפּא. אין דער תקופה פון ראָקאָקאָ, וועלכע וואָלט אָהן כינא גאָר ניט געקאָנט געמאָלט זיין, און אין 19־טן יאָרהונדערט, בשעת דער אימפּרעסיאָניזם האָט באַקומען פון יאַפּאַן אנטשיידנדע אָנרעגונגען. אין גרונד איז אייגנטליך די כינעזישע קונסט גיכער דער היפּך פונ׳ם שפּילערישן ראָקאָקאָ, פּונקט אזוי ווי די יאַפּאַנישע מאָלעריי איז דער היפּך פונ׳ם ערשיינונגס־פרייליכן, ביי דער אויבערפלאַך זיך האַלטנדיגן, אימפּרעסיאָניזם. מיר מיינען, אז מיר פאַרשטעהן היינט בעסער ווי אונזערע טאַטעס דעם קונסט־ווילן פון מזרח־אַזיע אין זיין באַזעלטער אויסדרוקס־באַטאָנטקייט, אין זיין גרעסערקייט פון דער נאַטור און אין זיין איינציגער ריינקייט פון די קינסטלערישע מיטלען. לאָמיר האָפן, אז אונטער דער ווירקונג פון דעם ענדליך בעסער דערקענטן ווייטן מזרח וועט ביי אונז אויסוואַקסן א קונסט לכל הפּחות פון אזאַ עשירות און קראַפט, ווי ראָקאָקאָ און אימפּרעסיאָניזם.

וויליאַם קאָהן



דער אַרויספאָר פון דער פּרינצעסין טשאַאָ־טשון — מאָלעריי אויף זייד — אומבאַקאַנטער קינסטלער פון דער צייט פון דער יואַן־דינאַסטיע

מזרח־אַזיאַטישע קונסטאָפּטיילונג אין די בערלינער מוזעאומס

DEPARTURE OF THE PRINCESS CHAO CHUN — PAINTED ON SILK — UNKNOWN ARTIST (YUAN DYNASTY)

FROM THE EAST ASIATIC ART SECTION OF THE BERLIN MUSEUM

# פון בוך: Phantasus

פון

אַרנאָ האָלץ

1.

אויף א באַגילדעטער בלומען־שיף
מיט מאַסטבוימער פון עבען־האָלץ און פורפור־זעגלען
שווימען מיר אין אָפענעם ים.
הינטער אונז
צווישן וואסער־רויזן
די לבנה הוידעט זיך.
טויזנט פארביגע פאפיר־לאַמטערנס שימערן אויף זיידנע פעדים
אין רונדע שאָלן זיך קרייזט דער ווײַן.
די פויקן קלינגען.
פון אונזערע הערצער
רייסט זיך דאָס אומשטאַרבליך ליד
פון לי־טאַי־פע!

2.

איך בין דער רייכסטער מענש אויף דער וועלט.
מיינע זילבערנע יאַכטעס
שווימען איבער אלע ימים.
גאָלדענע ווילעס שימערן דורך מיינע וועלדער אין יאַפאַן.
אין הימל־הויכע אַלפן־אָזערעס שפיגלען מיינע שלעסער זיך.
אויף טויזנט הימלען הייגגן מיינע פורפור־גאָרטענס.
איך באמערק זיי קוים.
פאר זייערע פון שלאנגען געפלאָכטענע בראָנזן־גראטעס
גיי איך פאַרביי.
איבער מיינע דימענט־גראָבנס
לאָז איך פיה זיך פאַשען.
ס׳שיינט די זון,
א פויגל זינגט,
איך בויג זיך אָן
און רייס אראָפ א פעלדן־בלימל.
און פלוצים, כ׳פיהל:
איך בין דער אָרמסטער בעטלער.
מיין גאנצע רייכקייט איז גאָר און גאָר נישט
קעגן אָט דעם טראָפן־טוי,
וואָס פינקלט אויף דער זון.

איבערגעזעצט פון דייטש דורך ע. קאָרמאַן





„דניאל אין דעם לייבנגרוב״ — א טייל פון מאָזאיק פוסבאָדן פון דער אלטער שול אין נערן.
מיט ערלויבניש פון פראנצויזיש-דאָמיניקאנישער ביבליש-ארכעאָלאָגישער שולע אין ירושלים.

DANIEL IN THE DEN OF LIONS. FRAGMENT OF MOSAIC PAVEMENT OF THE SYNAGOGUE OF NAA'RAN
BY KIND PERMISSION OF THE ECOLE BIBLIQUE DES PÈRES DOMINICAINS IN JERUSALEM

# חורבות פון אנטיקע יידישע שולן אין ארץ-ישראל

ווי שטומע מַצֵבות דערהויבן זיך ביז איצט נאָך חורבות פון אלטע שולן אין פארשידענע טיילן פון ארץ־ישראל. הויפּט־זעכליך זענען זיי דאָ אין דער אומגעבונג פון יַם כִּנֶרת, דאָרט וואו ס׳האָט זיך נאָך דערהאלטן אין פארלויף פון א פּאָר יאָר־הונדרט נאָך דעם חורבן פון בית־המקדש א יידישע פּאָלי־טישע און קולטורעלע אווטאָנאָמיע אין דער פאָרם פון נְשִׂיאות, אין גָליל התחתון, אין גָליל העליון און אין מִזרָח זייט פונ׳ם יַרדֵן. אָבער זיי פעהלן נישט אויך אין אנדערע טיילן פון ארץ־ישראל. פיל פון זיי זענען אין פארלויף פון דער צייט אין קריסטליכע קירכן אָדער מוסולמענישע מעטשעטן אומגע־וואנדלט געוואָרן. מענשליכע הענד און נאטור־קרעפטן האָבן צו דעם פאר דער לאנגער צייט רעכט צעשטערט די רעשטן פון די איבריגע.

ס׳זענען דאָ פלעצער וואו נאָר איין איינצעלנער שטיין צייגט נאָך, אַז דאָ איז אמאָל א יידישער בִנְיָן געשטאנען. א שטיינערנע שוועל, א קאָלאָנע וואָס אויף זיי זענען אויס־געהאקט יידישע אלטע עמבלעמעס: א שופר, א לולָב מיט א אתרוג אָדער פארשידענע קריגעלעך; א מאָל איז א אינשריפט איינגעריצט אין די שטיינער אָדער אין דער מאָזאַיקע פונ׳ם פוסבאָדן אין וועלכער ס׳ווערט דערצעהלט פונ׳ם שטיפטער אָדער פונ׳ם בוימייסטער און דאצו, געוויינליך, אויך א בְרָכָה פאר דעם אָרט און פאר די אלע ערטער וואו יידן געפינען זיך, — דאָס אליין איז געבליבן פון דער אלטער שול. ס׳זענען אָבער דאָך געבליבן פיל חורבות וואָס זענען בייגעשטאנען דער צייט און איהרע אומשטענדן און פארשיידענע בויטיילן שטעהן נאָך אויף זייער פלאץ, וועלכע געבן אונז די מעג־ליכקייט צו זעהן, כמעט גענוי, דעם פּלאַן פון די אלטע שולן און זייער אינעווייניגסטן און אויסערליכן אויסזעהן.

דיזע אלטע שולן זענען גאָר נישט עהנליך צו אונזערע איצטיגע שולן אין זייער סטיל. זיי זענען געבויט ווי באַזי־ליקעס — צוויי רייהען פון קאָלאָנעס טיילן די שול אין דריי טיילען: די מיטלע, די ברייטע שיף, און די צוויי זייטיגע, די שמאָלע טיילן. די באזיליקע איז, אמת, גענומען געוואָרן פון די גריכישע בנינים, אָבער די שול־באזיליקע האָט איהרע אייגנטימליכקייטן, ווייל די אַרכיטעקטן האָבן געמוזט צופאסן די פרעמדע בויפאָרם צו די דרכים פון דעם יידישן לעבן. די דאָזיגע באזיליקע־פאָרם געפינט מען נאָך אין די ערשטע יאָרהונדערטן נאָך דעם חורבן אין אייניגע שולן פון די גלות־לענדעַר, אָבער הויפּטזעכליך איז זי איבערגענומען געוואָרן פון די נוצרים פאר זייערע קירכעס.

סיי אין צפון און סיי אין מזרח פון ארץ־ישראל — שטענדיג זענען זיי געווענדעט צו ירושלים; אויך אין די שלעכטעסטע צייטן, ווען א ייד האָט זיך ניט געטאָרט באווייזן אין איהרע טויערן, האָט דאָס פאָלק זיין הויפּטשטאָדט ניט פארגעסן און אין זיינע תפלות תמיד צו איהר זיך געריכטעט.

די מיטל־אלטערליכע יידישע עולי־רגל דערציילן נאָך אין זייערע באשרייבונגן וועגן די חורבות פון די שולן, וועלכע זענען, לויט זייער מיינונג, געבויט געוואָרן פון דעם וואונדער־

ליכן תנא רַבִּי שמעון בן יוחָאי, וואָס האָט געלעבט, א הונדערט יאָהר, בערך, נאָך דעם חורבן פון בית־המקדש. מיט דער צייט האָט מען אָן די חורבות פארגעסן, און אין פארגאנגענעם יאָרהונדערט האָבן די פאָרשער, קריסטן, פון דעם הייליגען לאַנד אויפגעוועקט פון ס׳נײַ דעם אינטערעס צו די אלטע יידישע חורבות. מיט א יאָהר פופצן צוריק האָט די דייטשע אָריענטאליסטישע געזעלשאפט געשיקט א פּאָר אַרכעאָלאָגן אום אויסצופאָרשן די חורבות און זיי האָבן מיר פאָרלויפיג צו פארדאנקן א גאנץ חשוב׳ע באשרייבונג פון צעהן שולן.

צופעליג זענען נאָך דער מלחמה אנטדעקט געוואָרן נאָך צוויי חורבות פון שולן, וועלכע געבן זייער פיל צו צו דעם וואָס ס׳איז באוואוסט געוועזן ביז איצט איבער די שולן.

א

## די שול אין חמת־נפתלי

אין תרפ״א האָבן די „חלוצים” ביי זייער בויען דעם שאָסעע צווישן צֶמח און טְבֶריָה, ביים מערב׳דיגן ברעג פון יַם כִּנֶרֶת, אנטדעקט רעשטן פון א בִּנְיָן און א טויער. ביים טויער האָט מען געפונען א מאַרמאָר טאוול, אויף וועלכען ס׳איז געוועזן אויסגעקריצט די זיבן־לייכטערדיגע מְנוֹרָה.

מ׳האָט גלייך פארשטאנען, אז דאָ האָט מען צו טאָן מיט א אלטן יידישן בנין. די יידישע אַרכעאָלאָגישע געזעלשאפט אין א״י האָט באקומען די ערלויבניש אויסגראָבן דעם גאנצן פלאץ, און אין צוויי קאָמפּאַניעס האָט ד״ר סלושץ פרייגעלעגט די רעשטן פון א אלטער יידישער שול.

איהר פלאן אונטערשיידעט זיך נישט פון די איבריגע אונז באקאנטע אנדערע אלטע שולן אין א״י. אויסערגעוויינליך איז אינטערעסאנט די שטיינערנע מנורה (0,60 מ. די ברייט, 0,46 מ. די הויך און 0,13 מ. די דיק) וואָס איז געפונען געוואָרן ביי דער אויסגראָבונג פון דער שול אונטערן באָדן, אין א זייטיגן קליינעם צימערל. ווי ס׳ווייזט אויס, האָט מען עס מיט כַּוָנָה באהאלטן אין דער צייט פון א קאטאַסטראָפע.

די מנורה איז א האלב־רונדער שטיין, וועלכער איז פון איין זייט, וואָס ס׳איז געווענדעט צו דער וואַנט, גלאַט. אויף דער רעכטער זייט זענען בולט אויסגעארבעט די זיבן לייכטער, וועלכער זענען צוזאמענגעבונדן דורך מילגרוימען און זייערע בלומען־בלעטער (זעה בילד זייט 22).

איבער יעדען פון די זיבן רערן געפינט זיך א האלב רונדע שיסעלע, אין וועלכער מ׳האָט דעם בוים־אייל אָנגעגאָסן. צו דער מנורה איז נאָך געוועזן א געשטעל פון שטיין אָדער מעטאַל, וואָס ס׳איז נישט געפונען געוואָרן.

מיט דער מנורה האָבן מיר פאר זיך א פּרוב פון א רעקאָנסטרוקציע וואָס מ׳האָט געמאכט אין יענער צייט לויט די שילדערונג פון די אלטע כלים וואָס ס׳איז ערצעהלט אין דער תּוֹרָה.

די שול אליין איז ניט געוועזן גרויס, אין א קוואַדראַטפאָרם פון 12 מעטער יעדע זייט. אין דער לייבג פון איינינע ווענט זענען נאָך דאָ רעשטן פון שטיינערנע בענק. ס׳איז נאָך געפונען געוואָרן א שטיינערנער שטוהל, וועלכער איז געוועזן, ווי ס׳שיינט, א בכבודיגער פלאץ, אָדער האָט געדינט פאר בעשטימטע ריטועלע באדערפנישן. אויסער דעם זענען דאָ נאָך פארשיידענע רעשטן פון שטיינערנע פארצירטע זיילן פון ארון קודש א. ד. ג.

ב

## די שול אין נַעֲרָן

אויסערגעוויינליך אינטערעסאנט איז די אנטדעקונג. דורך א גאנץ זאָנדערבארן צופאל איז די שול אנטדעקט געוואָרן אין אזא פלאץ, וואו מ׳האָט עס גאָרנישט ערווארטעט.

געוועזן איז עס אין יאָר 1917, אלס די ענגלישע ארמעע האט געהאט איינגענומען דעם דרום׳דיגן טייל פון ארץ־ישראל. טערקישע פאָלקן צוזאמען מיט עסטרייכישע און דייטשע באטעריעס האָבן זיך דאן באפעסטיגט בא דעם בריק וואס פירט איבער׳ן ירדן, ניט ווייט פון יריחו. פון דיעזער פּאָזיציע האָבן זיי באשאָסן די ענגלישע סאָלדאטן, וואָס האָבן זיך אראָפּגעלאָזן פון די הרי יהודה. איינע פון די באָמבעס האָט זיך אויפגעריסן אויף א בערגל איבער דעם ואדי נועימה, א שעה גאנג בערך פון יריחו. פלאצנדיג האָט דער שראפנעל אויסגעריסן א טייל פון דעם בערגל. און ווען אין אפּאָר טעג ארום האט אמחנה אויסטראלישע סאָלדאטן בא דעם פלאץ געלאגערט, האָט מען באמערקט אז אונטער דעם הויפן ערד, וועלכער איז אויסגעריסן געוואָרן, געפינט זיך א מאָזאַיק־באָדן מיט א אלטער יידישער אויפשריפט. א פאָטאָגראפיע פון דער אויפשריפט איז דאן אוועקגעשיקט געוואָרן צו דעם באקאנטן, ניט לאנג פארשטאָרבענעם פראנצויזישן געלעהרטן קלערמאָן־גאַנאָ, וועלכער האָט וועגן דעם געלעזן א פּאָרטראג אין דער פאריזער אקאדעמיע.

די קאָנצעסיע צו פאָרטזעטצן די אויסגראָבונג האָט באקומען די פראנצויזישע דאָמיניקאנישע ארכעאָלאָגישע שולע אין ירושלים. און אין זומער 1921 האָט דער בארימטער ארץ־ישראל פאָרשער, דער דאָמיניקאנער ווינצענט, פרייגעלעגט דעם מאָזאַיק־באָדן פון א אלטער יידישער שול פון ענדע דעס צווייטן אָדער אנפאנג דעס דריטן יאָרהונדערט נאָך דעם חורבן פון דעם צווייטן בית־המקדש.

דער גאנצער פלאץ ארום און ארום איז יעצט גאנץ וויסט. בא דעם בערגל זיינען דאָ חורבות, וועלכע צייגן אז דאָ האָבן אמאָל מענשן געלעבט און געוואוינט. אבער היינט איז עס לעער. ניט ווייט שטייט נאָך אקליינער בנין, אונטער וועלכן, ווי די אראבער זאָגן, איז באגראָבן א מוסולמאנישר הייליגער אימאַם עֲלִי, וועגן וועלכן די בעדואינער דערציילן מעשות וואָס זיינען עהנליך צו די דערצעהלונגען אין תנ״ך איבער יהושע בן נון.

געגנאיבער הויבט זיך אויף א שטיילער בארג, ג׳עבל קאַראַנטאַל, און אויף אים דער באקאנטער קריסטליכער קלויסטער, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין פירטן יאָרהונדערט דורך דעם נזיר חאַריטאָן.

אויך אָט די שול איז געוועזן געטיילט דורך צוויי שורות פון קאָלאָנעס אין דער מיטן. פון די האָלצערנע זיילן זיינען אבער נאָר די באזיס׳ן געפונען. ווי ס׳שיינט איז דאס איבעריגע פארברענט געוואָרן.

דער גאנצער באָדן איז אויסגעלעגט געווען פון א וואונ־דערבארער פילפארביגער מאָזאַיק. צו דיזער מאָזאַיק האָט מען אויסגענוצט די פארשיידענסטע פארביגע שטיינדליך וועלכע זיינען דאָ אין דער אומגעבונג פון ים המלח.

פארשיידענע אָרנאמענטן זיינען איינגעפלאָכטן אין דער מאָזאַיק. צווישן זיי זעהט מען מאָטיוון פון פלאנצן, חיות און עופות, ארון קודש און מנורות און אנדערע כלים וואָס ווערן באנוצט אין א שול. דאס אינטערעסאנטסטע אין דער מאָזאַיק זיינען אבער צוויי טיילן פון איר. אינמיטן דעם פוסבאָדן זיינען אויסגעמאָלט א גרויסער לוּחַ הַמַזָלוֹת מיט

א· דכיר לטב פנחס כהנה בר יוסטה דיהב
טימי פסיפסה
מן דידה ומרישת

דאס הייסט: דערמאָנט זאָל זיין צו גוטן פנחס דער כהן, דער זון פון יוסטה, וועלכער האָט געגעבן די קאסטן פון דער מאָזאַיק פון זיין אייגנטום און די באלקענס.

אונטער דער אויפשריפט געפינט זיך נאָך א קליינע אויפשריפט:

ב· דכירה — רבקה
לטב — אתתה
פנחס



א טייל פון דעם מאָזאיק פוסבאָדן אין דער אויסגעגראבענער שול אין נערן (Naa'ran) בא דער אלטער יריחו· מיט ערלויבניש פון דער פראנצויזיש־דאָמיניקאנישער ביבליש־ארכעאָלאָגישער שולע אין ירושלים

FRAGMENT OF MOSAIC PAVEMENT FROM THE ENTRANCE HALL OF THE SYNAGOGUE OF NAA'RAN, NEAR JERICHO
BY KIND PERMISSION OF THE ECOLE BIBLIQUE DES PÈRES DOMINICAINS IN JERUSALEM

די עמבלעמעס פון די 12 חדשים פון יאָר און איבער אים א סצענע וועלכע שטעלט פאָר דניאל אין לייבנגרוב (זייט 18). אין א שפעטערער צייט, ווען דורך די צרות האָט זיך די רע־אקציע אין יידנטום פארשטארקט, האָט מען ניט געקאָנט ליידן די בילדער פון מענשן און חיות אין א שול, און די יידן אליין האָבן צושטערט, הויפטזעכליך די געזיכטער פון די בילדער און מ'האָט די פלעצער אויסגעפילט מיט גלאטע ווייסע שטיינדליך.

צווישן די אָרנאמענטן און בילדער זיינען אויסגעלעגט פאר־שיידענע אויפשריפטן מיט ברכות פאר די נדיבים וועלכע האָבן געהאָלפן צו בויען און באפוצן דעם „הייליגן אָרט״.

די אויפשריפטן זיינען געשריבן אין אונזער איצטיגער „פירקאנטיגער״ שריפט אין דעם אַראַמייאישן דיאלעקט וועלכן די יידן האָבן דאן גערעדט און אין וועלכן ס'איז אויך פאר־פאסט דער „תלמוד־ירושלמי״.

בא דעם איינגאנג אין שול, צו ביידע זייטן פון א גרויסער מנורה, געפינען זיך צוויי אויפשריפטן:

דאס הייסט: דערמאָנט זאָל זיין צו גוטן רבקה די פרוי פון פנחס.

נאָך אנדערע אויפשריפטן זיינען דאָ אין דער שול. פון זיי איז אינטערעסאנט די גרויסע אויפשריפט וואָס געפינט זיך צווישן דער סצענע פון דניאל אין לייבנגרוב.

ד· [ד]כיר לטב
בינימין פרנס[ה]
בר יוסה

ה· [ד]כירין לטב כלמן
[ד]מתחזק ויהב או
[יי]הב בהדן אתרה
[ק]דישה בן דהב בן
[כ]סף בן כל מקמה
[ל]ה יא[ובד]ון חוקהון
בהדין אתרה קדישה
אמן

(די אותיות וואָס געפינען זיך אין קלאַמערן זיינען ווי ס׳שיינט צערשטערט געוואָרן דורך דעם שראַפּנעל).

דאָס הייסט:

דערמאָנט זאָל זיין צו גוטן בנימין דער פּרנס (דער פּאָר־שטעהער פון דער געמיינדע) דער זון פון יוסה.

דערמאָנט זאָלן זיין צו גוטן די אלע וועלכע שטאַרקן זיך און האָבן געגעבן אָדער וועלן געבן פאַר דיזעם הייליגן אָרט סיי גאָלד, סיי זילבער, סיי ווערטזאַכן. כדי זיי זאָלן ניט פאַרלירן זייער טייל אין דיזעם הייליגן אָרט. אָמֵן.

אין דעם זעלבן בילד אונטער דער לינקער האַנט פון דניאל איז נאָך דאָ די אויפשריפט ד נ י א ל ש ל ו ם, וואָס ס׳זאָל באַדייטן דניאל עליו השלום אָדער: דניאל איז אַרויס בשלום (פון לייבנגרוב). נאָך אַ קורצע אינשריפט דערמאָנט צו גוטן שמואל, וועלכער שיינט צו זיין אַ באַקאַנטע פּער־זענליכקייט אין דער צייט. און ס׳איז געווען דאַריבער גענוג צו דערמאָנען זיין נאָמען אַליין.

דער זעלטענער מאָזאַיק־באָדן פון דער שול האָט אונז געהאָלפן פעסטצושטעלן דעם אַלטן נאָמען פון דעם פּלאַץ. אויף דעם אָרט איז אַמאָל געשטאַנען די אַלטע שטאָדט נַעֲרָן אָדער נערה, וועלכע ווערט דערמאָנט אין ספר יהושע (ט״ז, ז) אַלס גרענצשטאָדט צווישן אפרים און יהודה. אויך בּאַ יוסף פלאַוויוס ווערט זי דערמאָנט. אין דעם פינפטן יאָר־הונדערט נאָך דעם חורבן דערמאָנט זי אויך דער קריסט־ליכער געלעהרטער היעראָנימוס אַלס אַ שטאָדט באַזעצט דורך יידן.

פיל האָבן די יידישע איינוואוינער פון נערן געהאַט צו ליידן פון די געצענדינער וועלכע האָבן נאָך דעם חורבן ביסלעכווייז פאַרכאַפּט די שכנות׳דיגע יריחו. אויף דעם פּסוק פון איכה „גאָט האָט באַפוילן אויף יעקב אַרום אים זיינע פיינד״ רעכנט אויס דער מדרש איכה איי‌ניגע יידישע שטעדט וועלכע האָבן באַזונדערס געליטן פון זייערע שכנים און צווישן זיי אויך נערן וועלכע האָט געליטן פון יריחו.

אָבער, ווי ס׳שיינט, איז ניט דורך די געצענדינער די שטאָדט צעשטערט געוואָרן. אין דער גאַנצער צייט פון דער רוימישער הערשאַפט אין ארץ־ישראל האָט זיך די שטאָדט געהאַלטן. אויף דעם פּלאַץ אַרום האָט געשוועבט דער שימער פון די אַלטע לעגענדעס, ווי דאָס פאָלק איז אַריבער דעם ירדן און פון דאַנעט האָט עס אָנגעהויבן איינעמען ארץ־ישראל.

אַ לאַנגע צייט נאָך דעם חורבן האָט דאָס יידישע פאָלק אין ארץ ישראל און אין די אַרומיגע לענדער ניט געקאָנט זיך באַרוהיגן און ס׳ציהט זיך אין אַ משך פון כמעט 150 יאָר אַ קייט פון גרעסערע און קלענערע אויפשטאַנדן קעגן דער רוימישער הערשאַפט.

מ׳איז אָבער מיד געוואָרן. די רוימער האָבן אויך איינ־געזעהן, אַז זיי וועלן מיט דעם עקשנות׳דיגן פאָלק פיל ניט מאַכן און מ׳האָט זיי ערלויבט לעבן ווי זיי ווילן. ס׳איז געוואָרן אַ ביסל פרייער. די פרעמדע הערשער און די פרעמדע איינוואוינער האָבן אין פאַרשיידענע שטעדט פון לאַנד געבויט גרויסאַרטיגע טעמפּעלס פאַר זייער קולט. דעם בית־המקדש האָבן די יידן ניט געקאָנט צוריק אויפבויען און מ׳האָט געזעהן צו בויען שיינע שולן. אין דיזער צייט זענען עס געבויט געוואָרן די פאַרשיידענע אַנטיקע שולן, וואָס זייערע חורבות זענען אונז פאַרבליבן ביז היינט.

אין די שולן און זייערע פאַרצירונגען זעהט מען געוויס אַ גרויסן איינפלוס פון דער ניט יידישער אַרכיטעקטור און אָרנאַמענטיק. מ׳מוז אָבער אָנערקענען, אַז ס׳זענען אין זיי דאָ פילע ספּעציעל יידישע מאָטיוון, וועלכע האָבן זיך נאָך דערהאַלטן ביז דער לעצטער צייט בּיי אונז אין די פאַרשיידענע גלות־לענדער.

בעזאָנדערס זעהן מיר עס בּאַ דער מאָזאַיק פון נַעֲרָן. דעם מאָטיוו פון די 12 מזלות געפינען מיר אין אַ גרויסער צאָל פון פאַרשיידענע יידישע פאַרצירטע האַנטשריפטן און שול־מאָלערייען. זאָגאַר ווי ס׳איז באַקאַנט אין אונזערע מחזורים.

די בּיבּלישע סצענע פון דניאל אין לייבנגרוב, צו־זאַמען וואַרשיינליך מיט אַנדערע בּיבּלישע סצענעס, האָבן די קריסטן אַריבערגענומען און האָבן דאַמיט געצירט זייערע קירכעס.

דער מאָזאַיק באָדן פון נַעֲרָן צייגט אונז, אַז פון ארץ־ישראל איז אַריבער אַ געוויסע יידישע קונסט־טראַדיציע אין די גלות־לענדער, וועלכע דאַרף נאָך אויפגעקלערט און אונטער־זוכט ווערן.

די רוהיגערע צייט פאַר די יידן אין ארץ־ישראל האָט ניט לאַנג געדויערט. די רוימישע מלוכה האָט אָנגעהויבן פאַנאַנדער־צופאַלן. דאָס גאַנצע אַנטיקע לעבן איז ערשיטערט געוואָרן. די תורה פון דעם גאַלילעער ישו האָט אָנגעהויבן די וועלט ערּאָבערן. פון אַ הייפל פאַנאַטיקער, פאַרפאָלגט און פאַר־שפּאָטעט, זענען די קריסטן געוואָרן אַ הערשנדע רעליגיאָן אין דער בּיצאַנטינישער אימפּעריע, צו וועלכער ס׳האָט געהערט אויך ארץ־ישראל.

ארץ־ישראל איז יעצט געוואָרן דער צענטער פון דער קריסטליכער וועלט. ווי אַ דאָרן אין די אויגן פון די קריסט־ליכע פאַנאַטיקער זיינען דאַן די יידן אין דעם הייליגן לאַנד געוועזן. שווער איז געוואָרן דאָס לעבן פון די יידן אין ארץ ישראל. באַזונדערס איז אומערטרעגליך געוואָרן דאָס לעבן פון די יידן בּאַ די קריסטליכע שטעדט און פּלעצער. אין דער אומ־געבונג פון נַעֲרָן איז געגרינדעט געוואָרן דער קלויסטער אויף דעם באַרג דוק (דער איצטיקער ג׳עבל קאַראַנטאַל) און זיינע נזירים זיינען ניט געוועזן פריינדליכע שכנים פאַר די יידן אין נַעֲרָן. די יידן האָבן אָבער מיט אַ בּיטערקייט געקעמפפט פאַר זייער עקזיסטענץ. די כראָניקעס פון דעם קלויסטער דערצעלן זאָגאַר, דאָס זיי האָבן געמוזט האַלטן אַ באַוואָפנטע שמירה קעגן די יידן.

די רדיפות און פאַרפאָלגונגען וועלכע האָבן זיך געשאָטן אויף די יידישע קעפּ האָבן געבּראַכט, ווי ס׳האָט פיל מאָל פּאַסירט, צו אַ אינערליכער גייסטיגער רעאַקציע בּאַ די יידן. אין דער צייט האָט מען עס, ווי ס׳שיינט, צעשטערט די בילדער פון דער מאָזאַיק אין דער שול פון נַעֲרָן און אויך פון אַנדערע רעליעפע בילדער אין פאַרשיידענע שולן אין גליל.

די קריסטליכע פאַנאַטיקער האָבן נאַטירליך ניט געקענט ליידן די יידישע שולן און פּלעגן רייצן די בּיצאַנ־טינישע קיסרים און דעם המון געגן זיי. אין פיל ערטער האָט מען די שולן צושטערט. די יידן פּלעגן זיך משתדל

זיין באם קיסר, ס׳פלעגן ערשיי״נען פארבאָטן צו צושטערן די יידישע שולן. אָבער די העטצע איז אלץ שטארקער און שטארקער געוואָרן.

און אויך דער גורל פון דער יידישער שול אין נערן איז געוויס דאָס זעלבע געוועזן. מ׳איז זי באפאלן און מ׳האָט זי פארברענט. דער יידישער ישוב איז רואינירט געוואָרן ביז זיי האָבן געגנצליך פון דעם פארלעגענעם אָרט אויסגעוואנדערט.

צו דיזער צייט זיינען פילע יידישע ישובים אין ארץ־ישראל חרוב געוואָרן. די קריסטליכע פאנאטיקער האָבן שוין געהאָפט, אז גאָר אין גיכן וועט אפשר דאָס הייליגע לאנד ריין ווערן פון יידן.

נאָר ערגיץ ווייט האָט דאָס יידנטום זיין גלויבן אין דעם איינצלנעם גאָט געזייט און א נייע אמונה האָט זיך אין האלב־אינזל פון אַראַביען אנגעהויבן צו וועבן. און אז די צייט איז געקומען, ווען דער נייער גלויבן האָט זיך קריסטא־ליזירט אין דער תורה פון מוחאמעד, האָבן זיך די האלב ווילדע שבטים ווי א אוראַגאַן איבער די וועלט א וואָרף געטאָן און האָבן צעשמעטערט די היידניש־קריסטליכע ביזאנטינישע אימפעריע, און דער חלום, אז ארץ־ישראל וועט ווערן א קריסטליך לאנד, איז מיט איין מאָל צעשטויבט געוואָרן.

אלעזר ל. סוקעניק



א מנורה פון שטיין וואָס ס׳איז־געפונען־געוואָרן בעהאלטן בא די אויסגראבונגען פון דער אלטער שול בא טבריה. גענומען געוואָרן פון דעם „קובץ של החברה העברית לחקירת ארץ־ישראל ועתיקותיה״.

STONE MENORAH DISCOVERED AT HAMMATH, NEAR TIBERIAS. BY KIND PERMISSION OF THE HEBREW ARCHAEOLOGICAL SOCIETY

# דו זאָגסט — איך בין פארשאָלטן ...

דו זאָגסט: איך בין פארשאָלטן —
זאָג, זאָג.
ס'וועט קומען, שוין געקומען,
שוין געקומען פון בענשונג מיין טאָג.

כ'האָב אנטפלעקט דאָס הארץ פון דער וועלט.
אנטפלעקט. און אין סאמע מיטן
מיט מיין קאָפ מיט מיין פארשאָלטענעם,
מיט מיין פארשאָלטענעם קאָפ זיך ארייינגעשניטן.

געעפנט איז דאָס הארץ פון דער וועלט,
געעפנט ביז דער לעצטער טיף.
און בלוט טריפט. — זאָל טריפן,
זאָל בלוט טריפן ביזן לעצטן טריף.

איך דארף שוין ניט דערלייזט ווערן.
איך דארף ניט.
איך בין שוין דערלייזט. שוין.
קומט, מענשן, קוקן, קומט באוואונדערן —
קומט באוואונדערן
ווי איך באוואונדער זיך אליין.

דו זאָגסט — איך בין פארשאָלטן —
זאָג, זאָג.
הינטער מיר, און אָט — פאָראויס פון מיר,
אנקעגן מיר,
קומט אָן — שוין אָנגעקומען —
מיין בענשענדיגער טאָג ...

ה. לייוויק




בעל־מחשבות   ציי‏כנונג — געמאַכט אין רוסלאַנד אין יאָר 1918   מאַרק שאַגאַל

(געלעגענטליך זיין 25־יעריגן ליטעראַרישען יובילעאום)

BAAL MACHSCHOWES   DRAWING (1918)   MARC CHAGALL

# בעל־מחשבות

## צו זיין 25־יעריגן ליטערארישן יובילעאום

די ליטווישע „געדיכטע" יידישקייט, דער גייסטיגער אַדעל פון א זיטליך שטרענגער און מאטעריעל רחבות׳דיגער „פארפונדעוועטער", אלט־יידישער פאמיליע, דער טיפער ערנסט און מאָראליטעט פון דער אמאָליגער אידעאליסטישער אמת־זוכנדיגער יידישער סטודענטנשאפט, די פלאטערנדע, פליכט־באוואוסטזיניגע שטרעבונגען פון די יוגנד־קרייזליך אין די אמאָליגע רוסיש־יידישע קאָלאָניעס ארום די אייראָפעאישע וויסנשאפטס־טעמפלען — דאָס איז די סביבה, אין וועלכער ס׳איז אויסגעוואכסן ד״ר א. עליאשעוו, דאָס איז די אטמאָספער, אין וועלכער ס׳האָט זיך פאָרמירט די טאלענטירטע פערזענליכקייט פון דעם זיידענעם קאָוונער יונגערמאנטשיק ביז פון איר האָט זיך ארויסגעבילדעט די ליטערארישע און געזעלשאפטליכע געשטאלט פון בעל־מחשבות.

בעל־מחשבות איז א „אריסטאָקראט" אינ׳ם בעסערן, עדעלסטן זין פון דיזן וואָרט. אויף אים ליגט דער שטעמפל פון א געלייטערטער, דורות־לאנג געפאָרמטער און גערייניגטער אָפשטאמונג. ער האָט אין זיין נאטור, אין זיין אומגאנג מיט מענשן, אין זיין פארהאלטן־זיך צו געזעלשאפטליכע ערשיינונגען און צו לעבנס־פראָבלעמען — די ברייטקייט, דעם פארנעם, די שטרענגע גערעכטיקייט און דערביי א גוטמיטיגע צוגעלאָזטקייט און ריקזיכטיגקייט פון א „פריץ", פון א „פיינעם הערר", וועלכער האלט זיך ווייט פון ענג־הארציגער קליינליכקייט, היט זיך אויס פון אומריינקייטן און געפינט אין יעדער סיטואציע, כמעט אינסטינקטיוו, זיין פאָזיציע פון א ווירדיגן, עהרליכן, ניט־פאראינטערעסירטן, אָבער שארף באָבאכטנדן מענשן. אזוי איז בעל־מחשבות אין לעבן, אזוי איז ער אין דער ליטעראטור, — און דאָס האָט מען אין די ליטערארישע קרייזן שוין דערשפירט תיכף בא זיין דערשיינען, און מ׳האָט אים פון ערשטן מאָמענט אָן, אויפגענומען מיט דער אכטונג, וועלכע ער פארדינט.

די פערזענליכע אייגנשאפטן פון בעל־מחשבות זיינען א באצירונג, א רייכע באפוצונג צו זיין איינגעבוירענעם טאלענט. בעל מחשבות האָט א שארף אויג, וועלכעס דרינגט אריין טיף אין די באהעלטענישן פונ׳ם לעבן, ער האָט א אויער צו פארנעמען די צומייסט געדעמפטע ברויזונגען, וואָס קומען פאָר אין דער נשמה פונ׳ם איינצלנעם מענשן און פונ׳ם קאָלעקטיוו. און ווען דאָס אלעס קומט זיך צונויף מיט א ערנסטער בילדונג, מיט א ברייטער באלעזנהייט אין דער וועלט־ליטעראטור, מיט א טיפן חוש פאר אמת און שיינקייט, מיט א אויסגעבילדעטן פיינעם געשמאק און מיט א פעהיגקייט איינצוקליידן זיינע געדאנקען און געפיהלן אין א פאָרנעמען לבוש פון א זאפטיגער, איינדרינגליכער און אויסדרוקפולער שפראך, דורכגעוועבט צייטנווייז מיט א באצויבערנדן פיינעם הומאָר, — זיינען דאָ אַויף דער האנט אלע באדינגונגען פאר א באדייטנדן קריטיקער און עסעאיסט.

אלס א זעלכער פארנעמט בעל־מחשבות דעם אָנגעזעהנסטן פלאץ, מ׳קאָן זאָגן: דעם סאמע אויבן־אָן אין דער יידישער ליטעראטור. אלס קריטיקער האָט ער זיך פארדינט געמאכט אלס איינער פון די בעסטע ערציהער און געטרייסטע פלעגער פון דער ניי־יידישער ליטעראטור, וועלכע ער האָט געטראָפן, קאָן מען זאָגן, נאָך אין די ווינדליך, וועלכער ער האָט מיט געהאָלפן באם וואקסן און פולבלוטיג ווערן. ער איז געווען דער ערשטער צו געבן אויספיהרליכע, באגרינדעטע אָפשאצונגען פון דער שאפונג פון א סך, פון די בעסטע יידישע קינסטלער־פאָעטן און דערצעהלער; ער האָט פאָפולאריזירט, פארשטענדליך געמאכט, מפורש־געווען די עלטערע שעפער פון דער ניי־יידישער ליטעראטור, אירע קלאסיקער, און דערביי האָט ער דעם נייעם יידיש־לעזער געוויזן דעם וועג, ווי אזוי בכלל צוצוגעהן צו׳ן א ליטערארישער שאפונג, ווי אזוי עס לאָזן זיך אויפגלידערן אירע עלעמענטן, אין וועלכן פארהעלטניש עס שטעהן איינער צום אנדערן אינהאלט און פאָרם; ער האָט אונז, דער ערשטער, אונטערגעטראָגן דעם מאס־שטאב פון אייראָפעאישער קריטיק, און אפשר דער ערשטער אין אונזער ליטעראטור אויפגעקלערט דעם ברייטן עולם זיין טעות אין דעם עצם פירוש פונ׳ם וואָרט „קריטיק", וועלכעס האָט בא אונז דעמאָלט אלגעמיין געגאָלטן אלס פולשטענדיגע ארונטעררייסונג פון א ספר און א מחבר. אין יענע יאָרן פלעגט מען בא אונז א ספר, אָדער א מחבר „צעקריטיקירן"; בעל־מחשבות האָט כמעט דער ערשטער איינגעפיהרט די אייגנטליכע קריטיק אין איר אייראָפעאיש אָנגענומענעם באטייט, אלס אויפקלערונג, פונאנדער־גלידערונג, דערפאָרשונג און לאָגיש־וויסנשאפטליכע אנטפלעקונג פון יענע פסיכאָלאָגישע און סאָציאָלאָגישע לעהרן, וועלכע דער דיכטער פארקערפערט אין געשטאלטן, אָפטמאָל אפשר גאָר אומבאוואוסטזיניג, נאָר ריין אינטואיטיוו, דורך דער מאכט פון זיין טאלענט און פון גאָטס־גנאָד געגעבענער „זעהעריי". איך שטעל מיר פאָר, אז פאר א סך יידיש־לעזער צו יענער צייט איז בעל־מחשבות׳עס „קריטיק" געווען א אמת׳ע איבערראשונג, זיי האָבן מן הסתם געשלונגען יעדעס וואָרט, און ברייט אויפגעשטעלט מויל און אויערן, אויפצונעמען אָט די נייע אידעען פון א נייער וועלט, וועלכע איז זיי דאָ געגעבן געוואָרן. זיינע קריטישע אָפהאנדלונגען, ווידער, וועגן די יינגערע שרייבער, איבער אָנהויבנדיגע, ערשט זיך־באווייזנדיגע דיכטער, האָבן געהאָלפן דעם לעזנדן עולם, און אָפטמאָל די דאָזיגע דיכטער גופא, זיך פונאנדער־צוקלייבן און אויסצושיידן די ווירקליך־ליטערארישע שפייזהאפטע זערנעס פון דעם הויפן שטרוי און פאָלאָווע, מיט וועלכע אונזער ליטעראטור איז

געווען — און אפשר איז זי נאָך היינט אויך — פארלעגט איבער׳ן קאָפּ . . .

בעל מחשבות האָט זיך ניט באגניגט מיט דער קריטיק, אים איז ענג געווען דער ראמען פון א פרעמדן ווערק, וועלכעס האלט פאָרט דעם קריטיקער געפּענטעט און לאָזט אים ניט זעהר ווייט צעשפּרייטן זיינע אייגענע פליגל. אויב ער איז, ווי בעל־מחשבות, גענוג ערנסטהאפט און פליכטפיהלנדיג, זיך ניט „צעלאָזן״ גלאט אין דער וועלט אריין, נאָר דערפילן די זיך געשטעלטע אויפגאבע צו באהאנדלען א ווערק אָדער א מחבר. ער האָט זיך דעריבער געוועהלט נאָך איין ארבייטס־פעלד, — דעם פּובליציסטישן פעלעטאָן און דעם „עססעי״. פ א ר מ י ר איז בעל־מחשבות גראָד אויף אָט דעם געביט נאָך חשוב׳ער, ווי אויף דעם געביט פון דער קריטיק. סוף כל סוף איז בא אונז די ליטעראטור, באזונדערס די בעלעטריסטישע, נאָך ניט אזוי פארוואקסן מיט׳ן לעבן, ווי בא אנדערע פעלקער. זי איז דערווייל ערשט א קליין־זייטיג צווייגעלע אויף אונזער לעבנס־בוים. וועגן דעם איז דאָ פיל צו ריידן, און ניט דאָ איז דער אָרט, אָבער דעם עצם פאַקט דארף מען קיינמאָל ניט פארזעהן. דעריבער וואָלט זיך אזא פערזענליכקייט ווי בעל־מחשבות קיינמאָל ניט געקאָנט אויסלעבן אין איר גאנצער פולקייט, ווען זי וואָלט זיך גאָר אין גאנצן איבער־געגעבן נאָר דער ליטעראַרישער פאָרשונג אליין. בעל־מחשבות האָט עס אויך טאקע ניט געטאָן, נאָר ער האָט צוגעווענדט זיין אויג צו א ל ע דערשיינונגען און אויספלוסן פונ׳ם יידישן לעבן, צו זיין געזעלשאפטליכער און נאציאָנאלער אנטפלעקונג. און מיט זיין קריטיציסטישן שארפזין, מיט זיין טיף־איינדרינגנדן חוש פאר אמת און שענקייט, אויך דאָרט אויסצוגעפינען די פּאָזיטיווע און נעגאטיווע מאָמענטן, אויך דאָרט דעם יידישן עולם צו עפענען די אויגן, אים לערנען, אויפקלערן און צוגעוועהנען אליין זיך פונאנדער־קלייבן און אורטיילן.

פאר זיינע עססעיס און פּובליציסטישע פעלעטאָנען האָט ער זיך געוועהלט דעם באשיידענעם נאָמען: „שטריכן און געדאנקן״. דערמיט האָט ער געוואָלט אזוי ווי זאָגן, אז ער פּרעטענדירט ניט צו געבן א אויספירליכע, דורכגרייפנדע, אלעס פארענפערנדע וועלט־אנשויאונג. ער איז מעהר ניט אויסן ווי איבערצוגעבן דעם לעזער אייניגע פארבייאיגע „געדאנקן״, אָנווייזן אויף איינצעלנע „שטריכן״ פון דעם באהאנדעלטן פּראָבלעם. אין אמת׳ן אָבער, ווען מ׳ליינט דורך די זאמלונג פון אָט די „שטריכן און געדאנקן״ באקומט זיך א גאנצע, הארמאָנישע, און ביז צו די איינצלהייטן דורכגעטראכטע אויפפאסונג וועגן די אויפגאבן און פּראָבלעמען פונ׳ם יידישן לעבן אין אונזער דור. ניט אלע מאָל צווינגט אונז דער מחבר מיט אים מסכים צו זיין אין אלע פרטים, אין אלע זיינע מיינונגען און גלויבונגען. עס לאָזט זיך זעהר אָפט מיט אים פּאָלעמיזירן, אים אָפּענפערן. נאָר איין געפיהל באַהערשט אייך תמיד, ווען איר לייענט בעל־מחשבות׳ן: אז די אלע זאַכן, פון וועלכע ער רעדט, זיינען בא אים ניט גלאַט אזוי ליטעראַרישע „טעמעס״, נאָר אז אים זיינען די זאכן ביטער־ערנסט, אז ער ליידט אינערליך פון די דערשיינונגען, וואָס זעהן אים אויס קרום, מיאוס און שעדליך פאַר דער מאטעריעלער און גייסטיגער אנטוויקלונג פון אונזער פאָלק. דאן בלייבט איר שטענדיג געפעסלט פון זיין גלענצנדער שפראך, וועלכע שפרודלט ווי פון אומגעצעהלטע לעבעדיגע קוואלן, פון זיין ברייטן קוק און רייכן וויסן און באלעזנהייט.

בעל־מחשבות איז א ציוניסט, א דעמאָקראַט, א פאָלקסמאַן, א פארליבטער אין דער היסטאָרישער געשטאלט פון כנסת־ישראל און א ענטוזיאַסטישער גלויביגער און אָנהענגער פון דעם מאָדערנעם יידן, וועמעס תוכן און צורה האלט ערשט ביים פאָרמירן זיך, שאפט זיך ערשט אין א יסורים־פולן פּראָצעס פון היסטאָרישער איבערארבייטונג. נאָר זיין „פּריצישע״ רחבות לאָזט אים ניט זיך אנשליסן פעסט אין א פארטיי, זיך פארקלאמערן בא איין דאָקטרין, און זיין ברייטער האָריצאָנט היט אים אויס פון אריינפאלן אין א ענגען זאַק־ווינקל פון א באגרעניצטער אידעאָלאָגיע. ער איז קאָנסעקווענט אין די יסודות פון זיין דענקן, אָבער ער האָט די אינערליכע פרייהייט אויסצוברייטן זיין געדאנק איבער ווייטע האָריצאָנטן און ניט לאָזן זיך איינמויערן צווישן די ווענט פון א ענגער טעאָריע. ער האָט מיט רעכט געזאָגט צו ווייצמאַנען איינמאָל אין א ענגערן קרייז פון ציוניסטן, אז ער (בעל־מחשבות) איז באַ היינטיגן טאָג פארבליבן דער איינציגער, וואָס טראָגט נאָך אין זיך די אידעאַלן פון דער אַמאָליגער „דעמאָקראַטישער פראַקציע״ אין ציוניזם. אין זיין פּערזאָן לעבט נאָך יענע פראַקציע, ער איז, בכן, פאר זיך אליין א פראַקציע אין ציוניזם. דאָס איז אין אידעאָלאָגישער באציהונג געוויס ריכטיג, כאָטש קיין ציוניסטישע אַקטיוויטעט פארמאָגט ניט בעל־מחשבות און איז אויך ניט בכח זי פאַר אנדערע אָנצוצייכענען. אָבער זיין פּרינציפּיעלע קריטיזירנדע באהאנדלונג פון ציוניסטישע פּראָבלעמען האָט שטענדיג א גרויסן שעפערישן ווערט און צווינגט, אז מ׳זאָל זיך צו זיינע רייד צוהערן.

אויף אַנ׳אנדער אָרט האָב איך שוין אָנגעוויזן אויף דעם סינטעטישן, קאָנסטרוקטיוון כאראקטער פון בעל־מחשבות׳עס ליטעראַרישער טעטיקייט, באזונדערס אין די שניידיגסטע הויפּט־פּראָבלעמען פון אונזער צייט: ציוניזם און גלות־פּאָליטיק, העברעאיש און יידיש. און דאָ בלייבט מיר נאָך צו זאָגן, אז ניט־זייענדיג פאַרטייאיש פאר קיינעם פון די צדדים, ניט־זייענדיג אויך „אויסער־פארטייאיש״, אָדער „איבער־פארטייאיש״ אין דעם פאלשן זין, ווי איינער שטעלט זיך לגמרי אויסער דעם ברענענדיגן לעבנס־קאמף, גלייך ווי אים געהט גאָר ניט אָן, און ניט־זייענדיג אויך קיינמאָל אזוי ווייך־בויגיג, כדי נושא־חן צו זיין באַ א ל ע מ ע ן, — האָט בעל־מחשבות, פארקעהרט, שטענדיג אונטערגעטראָגן יעדער פארטיי זיין אמת, איר אָפען ארויסגעזאָגט, וואָס ער דענקט איבער איר און אירע געטער, אָדער אָפּגעטער, און פאָרט האָט ער געהאט תמיד צו זאָגן עפּעס אזוינס, וואָס יעדער פּאַרטיי־מאַן האָט עס געמוזט הערן, און זיך וועגן דעם פארטראכטן.

בעל־מחשבות איז איינע פון די פאָרנעמסטע פיגורן צווישן דער פלעיאַדער יידישע שריפטשטעלער, וואָס זיינען אויפגעטרעטן מיט׳ן באַגין פונ׳ם 20־טן יאָרהונדערט, און זיין יובילעאום איז אָהן שום גוזמות געווען א אמת׳ער יום־טוב אין אונזער ליטעראַרישער משפּחה, און פונקט אזוי אויך באם ברייטן יידישן לעזע־פּובליקום.

מ. קליינמאַן

# פונ׳ם תהו ובהו

## פלאמען

טאָג איין טאָג אויס שוועבט דיין געשטאלט פאר מיינע אויגן, גאָלדן מיידל מיט די גליהענד־רויטע האָר!

כסדר, בא טאָג און בא נאכט, בא דער ארבעט און באם רוה, אויף דער וואַך און אין חלום — אָהן אויפהער שטייט פאר מיר דיין גין־גאָלדן געוועב, פרעמד און איינגעבאקן מיידל מיט די רויטע האָר!

און מעג איך זיך מיט וואָס ס׳זאָל ניט זיין אָפּגעבן, אין ביכער זיך פארטיפן אָדער אין אָהנמאכט פון געדאנקן זיך מאטערן — דיך זעה איך תמיד גרויזאם, מיידל מיט די רויטע האָר!

און יעדער מענש, מיט וועמען כ׳האָב צוטון, פארוואנדלט זיך אין דיר, רויטע מיידל!

אָט שטראלסטו פאר מיר אויף פונקט אזוי ווי איך האָב דיך צום ערשטן מאל געזעהן: אין א ווייס־ווייס קלייד, מיט נאָך מער ווייסע, מאַטע הענט און פנים, מיט שווארצע פינקלדיגע אויגן, מיט רויטע ליפּן און מיט רויטע, רויטע האָר.

א יַם, אסך יַמִים פון רויטע שלענגלדיגע האָר, און מיט באוועגונגען — קעניגליך צויבערליכער גראציע.

און מיט א שמייכעלע — וואָס די זון, בעת זי קוקט אמאָל בגנבה ארויס צווישן די וואָלקן, איז דערויף אביסל — אָבער ניט מער ווי אביסל — ענליך.

און אז איך האָב דיך צום ערשטן מאָל דערזעהן, איך — א צודריקטער, אנ׳אנטרינענער און פונ׳ם צלם־אלהים שוין בארויבטער — האָב איך ניט געוואגט אין דיינע ליכטיגע ד׳אמות צו שטיין.

און פונ׳ם בליק דיינעם, דעם איינציגן, וואָס האָט זיך אויף מיר דעמאָלט אָפּגעשטעלט, זיינען פאָנטאַנען ליכט אין מיר געבוירן געוואָרן; אין מיר, דעם פינסטער־חושכ׳דיגן.

און א דם־שונא בין איך געוואָרן צו אלע, וואָס האָבן די העזה געהאט זיך מיט דיר ווי מיט זייער גלייכן צו באגיין...

און אָט קומסטו מיר פאָר ווי בעת אונזער צווייטער און לעצטער באגעגעניש:

דער שטורמווינט, וואָס האָט מיך פון מיין נעסט פארטריבן און מיינע פליגל אָפּגעהאקט, האָט מיך אויך אין דיין ארט אנגעיאָגט; און געשעהן איז אזוי, אז בעת דער שדים־טאנץ האָט זיך אנגעהויבן, זיינען מיר ביידע געווען פארבאָרגן אין איין פלאץ.

אין דרויסן זיינען מאסן־מאָרדן פאָרגעקומען, אין דרויסן האָט מען אונזערע ברודער און שוועסטער, אונזערע זיידעס און מאמעס און אונזערע ברידערליך און שוועסטערליך ווי די שעפּסן אומגעברענגט און ווי קעץ געפּייניגט — און מיר ביידע זיינען אין א מיאוסן לאָך פארשטעקט געלעגן, געפיבערט פאר מיאוסן שרעק און זיך גענארט מיט דער האָפנונג, אז מיר וועלן זיך אויסבאהאלטן...

אזוי ווי די מייז.

מילא, איך בין טאקע ניט מעהר ווי א מויז, א מיאוסע און א שטינקנדיגע, אפשר נאָך וויניגער פון א מויז — אָבער דו? דו?

דו, די ליכט־זייענדיגע און לוסט שפּריצנדיגע? דו אויך?

קיין איין וואָרט האָב איך מיט דיר ניט אויסגערעדט. אז דו פלעגסט זיך צו מיר אין פחד טוליען, בעת אין דיינע אויגן גלאַנצט א דערשלאָגן ציטערנדיג פּיירל, ווי בא א הין אונטערן חלף, פלעג איך זיך מיט כעס אָפּרוקן פון דיר.

מיט כעס, פארדראָס און פאראכטונג: פארוואָס ביסט דו כאָטש קיין מענש ניט פארבליבן?

כאָטש דו?

און אז זייערע קולות האָבן זיך דערנענטערט, און דיין בלאסקייט איז נאָך צאפּלדיגער געוואָרן און דיינע אויגן האסטו אין מיר אנגעשטעלט ווי צוויי גרויסע שרעק שפּריצנדיגע פראגע־צייכנס — איז מיר א גרויל אדורך דעם גאנצן לייב:

„זיי וועלן דיך באצווינגען".

א ריינע האסטו זיך צווישן אונז ארומגעדרייט, א בת־מלכה. א קדש־הקדשים ביסטו פאר אונז געווען. ניט איין שטילער טרוימער פלעגט בגנבה חלומן בלויז וועגן דיין בליק. א דרוק פון דיין הענטל איז געוועַן א קוואל פון יראת־הכבוד און פארגעטערונג. — — —

און דאָ וועט אנ׳אלטער שיכור, מיט פוילע צייַן און פארבלוטיגטע הענט, זיך צולאזן צו דיר און טרינקן מיט זיינע שטינקנדיגע ליפּן פון דיין לייב ווי פון א גלעזל בראנפן...

מיט קליינע שמאלץ־אייגעליך וועט ער אויסהוילן די מיסטעריעס פון דיין קערפער און מיט שמוציגע בלוטנעגל וועט ער אויפדעקן דיינע סודות...

און דו — דו ווערסט זיך בא אים אפשר נאָך בעטן ער זאָל דיר שענקן דאָס לעבן...

מיט די ציין האָב איך דעמאָלס אנגעהויבן קריצן, און אזוי הויך, אז דו האָסט זיך פאר מיר דערשראָקן. אינ׳ם פיבער פון דיינע רויטע לאָקן האָב איך ארויסגעליינט דיין געדאנק, אז איך וויל דיך פארגוואלטיגן...

מיין ווילד געלעכטער האָט דיר באשטעטיגט דעם חשד. דו האָסט ארויסגעשריגן מיט ניט קיין מענשליך קול:

ניין!... דו ניט!...

און אונטער די ווערטער איז געוועזן פארבאָרגן:

„זיי" — יאָ, אבער דו — ניט...

נאריש מיידל! אומזיסט האָסטו זיך דערשראָקן: „אונזריגע" טוען עס ניט. קיינמאָל ניט. איך האָב געלאכט בלויז דערפאר, וואָס בא מיר איז פארטיג געוואָרן דער באשלוס: ניט איבערצולאָזן דיך פאר זיי — ניט איבערצולאָזן...

אמת, דו ביסט מיר א ווילד פרעמדע, מעהר פון איין מאָל האָב איך דיך ניט געזעהן, אָבער — איך וועל דיך פון „זיי" ארויסרייסן.

אנדערש טאָר איך ניט און קאָן ניט.

און אין דעם געבאָט האָט מיין נשמה אויף א צייט איר תקון געפונען, דעם לאנג געזוכטן תקון. וועגן זיך גופא האָב איך פארגעסן... וועגן דיר האָב איך געזאָרגט...

וואויל איז אונז, ווען מיר קענען וועגן זיך פארגעסן.

א ווילע האָב איך געזוכט מיט וואָס דיך אומצוברענגען. אונטער דער האנט איז ניט געווען גאָרניט.

נאָר דאָס פייער פון מיין ליכט לייזט דיך אויס פון די מנול׳דיגע הענט פונ׳ם אלטן שיכור...

אין אנהויב האָט עס בלויז צניעות׳דיג געלעקט דעם זוים פון דיינע קליידער. ביסלעכווייז איז עס דרייסטער געוואָרן — און פלאמען, רויטע ברויזנדע פלאמען האָבן דיך אנגעהויבן ארומרינגלען.

מיט שמחה האָבן זיי ארום דיר געטאנצט, מיט פרייד און ליבשאפט האָבן זיי זיך געשלענגלט ארום דיינע מאיעסטעטישע גלידער און דיך געשלונגען.

דו האסט זיך געראנגלט, געבעטן און געוויינט, אָבער זיי האָבן אויף דיר מעהר רחמנות געהאט ווי דו אליין און האָבן דיך ניט אָפגעלאָזן.

און איך, מיידל, האָב זיך צו דעם אלעמען צוגעקוקט און פארגעסן אין אלץ.

צווישן די פייער פלאמען האָבן בולט ארויסגעשטארט דיינע גאָלדן־רויטע האָר....

אין א דאָפטל־רויטן אָרעאָל פון דאָפלט רויטע פלאמען ביסטו ניצול געוואָרן.

און ווייס, מיידל: פון מיינע הענט און קעגן דיין ווילן איז דיין רעטונג געקומען...

* * *

און פון דעמאלס אָן האסטו דיר א מקום־מנוחה אין מיין הארץ געפונען, רויט־האָריג מיידל, און זיך דאָרט פעסט באזעצט. און קיינמאָל שיידסטו זיך פון מיר ניט, און אייביג און אומעדום באגלייטסטו מיך.

און עד היום ווייס איך ניט צי אונזער אָרט האָט טאקע זוכה געווען צו א באזוך פון די מחבלים, צי ניין.

ווייל אין מיר האָט פלוצלינג א געדאנק א דונער געטון: „געבענשט זאָלן זיין די פלאמען! זיי קענען אויך פאר „זיי" צונויף קומען" — און איך בין ארויס פונ׳ם באהעלטעניש.

איך בין ארויס מיט דיין געשטאלט אין הארץ און מיט פלאמען אין האנט.

פלאמען... — — —

ווי געשיקט און געטריי האָבן זיי אונז געדינט...

א גאנצן טאָג ווי א היענע זיך אויסבאהאלטן אין א וואלד, זיך געשפייזט מיט גראָז און קרייטאכצער, און באנאכט זיך פלינק צוגע׳גנבעט צו א דערפל, „זייערס" א מקום־מושב, און עס מכבד געווען מיט פלאמען.

א בהלה, א יאמער, א געוויין פון פרויען און קינדער א ווירוואר פון מאנסלייט און בהמות, א מישמאש פון באשעפענישן, וואָס ווייסן ניט וואָס מיט זיך צו טון בעת זייער נעסט גייט אונטער. אָפטמאָל אויך גסיסה־כארכלן...

און איך בעת מעשה פארבאָרגן ערגיץ ניט ווייט צוגעקוקט, — אָט פונקט אזוי ווי איך האָב זיך צוגעקוקט צו דיר — דעמאָלס...

ניט קיין נקמה האָב איך געזוכט, נקמה סתם. איך האָב זי אויך ניט געפונען. ניט אין דער רואינע פון „זייעריגע" און ניט אין די לעבעדיג פארברענטע.

איך האָב בלויז כסדר געהאט פאר מיינע אויגן דיין געשטאלט ווי דו ביסט אין א לעבעדיגן פאַקל פארוואנדלט און מאטערסט זיך מיט שרעק, און מיינע ליפן פלעגן שעפטשן — פאמליך און געלאסן:

פ—ל—א—מ—ע—ן... פ—ל—א—מ—ע—ן...

און עס פלעגט זיך מיר דאכטן ווי דיינע גין־רויטע לאָקן שאָקלען זיך אין טאקט און מורמעלן אויך:

פלאמען... פלאמען...

— — — — — — — — — — — — — — —

א לאנגע צייט זיך די פלאמען־אָרגיעס אָפגעגעבן. א סך מאָל אין „זייערע" הענט ארייגעפאלן, אָבער אין דער לעצטער מינוט כסדר געלונגען זיך ארויסצורייסן און פאָרצוזעצן מיין „טריזנע" נאָך דיר.

די געטרייע פלאמען־טריזנע...

ביז עס איז מיר באשערט געוואָרן פונ׳ם גורל דיך צום צווייטן מאָל צו פארברענען.

צום צווייטן מאָל, גלייך ווי איין מאָל וואָלט ווייניג געווען...

גלייך ווי איך וואָלט געוואוסט, אז צום ערשטן מאָל כאָטש, איז עס אומבאדינגט נויטיג געווען...

אין דער טיפעניש פון א וואלד האָב איך זיך איינמאָל צום וועכטערס הייזל צוגעגנב׳עט.

אין הייזל האָב איך בלויז א גרייז־גרויען זקן און אפאָר פרויען געזעהן.

די מאנסלייט האָבן, ווארשיינליך, אין אנ׳אנדער שטעטל זיך לוסטיג געמאכט.

איך האָב געוואגט צום סאמע פענסטער צוגיין און זיך צוקוקן.

און, מיידל! — פון שרעק בין איך אָפּגעשפּרינגען און ווייט — ווייט אנטלאָפן.

דיך האָב איך דאָרט׳ן געזעהן, הגם א פארענדערטע, צווישן די פרויען געשטאלטן.

טונקעלער זיינען דיינע גאָלד־האָר ניט געוואָרן, אָבער דאָס גאנצע געשטאלט איז עפּיס אנ׳אנדערס געווען.

ניט אזוי ווי פריהער...

אָבער פונקט אזוי ווי דעמאָלס האָבן זיך מאַיעסטעטישע פלאמען אַרום דיר געשלענגעלט — און דו האָסט זיך געראנגעלט און געליארמט.

און א אנגסט איז מיר אריין אין הארצן און מעהר האָב איך די פלאמען־גייסטער ניט די העזה געהאט ארויסצורופן.

איך האָב זיך צוריק איינגעשפּאנט אין יאָך פונ׳ם לעבן און זיך כמעט ווי בארוהיגט.

אָבער בא טאָג און בא נאכט, זומער און ווינטער, בא דער ארבעט און בא דער רוה, אין חלום און אויף דער וואַך. —

כסדר שוועבט דיין גאָלדן געוועב פאר מיינע אויגן, מיידל מיט די רויטע לאָקן. —

די לייבליכע צווילינגס־ברידער פון די מעכטיגע רויטע געטער־פלאמען.

תרפ״ב.

ג. תהום

# יידישע ליריק אין אוקריינע

דעם ליכטיקן אנדענק מיין געוועזענעם פריינט, חבר און מיטקעמפער אשר שווארצמאן.

## דוד האָפּשטיין

איז עס ניט א רעטעניש? — אין דער צייט פון דעם גרויזאמען שטורם, וואָס האָט צעבלוטיקט און א תל געמאכט פון דעם יידישן שטעטל, ווען עס איז ניט פארבליבן א ציגל אויף א ציגל גאנץ, ווען דערהויפּט אוקריינע איז פארוואנדעלט געוואָרן אין א שלאכט־פעלד, וואו די ליידנשאפטן האלטן אין איין קאָכן און ברויזן ווי אין דאמף־קעסל — דוקא אין דער זעלבער אוקריינע איז פאר דער לעצטער צייט אויסגעוואקסן א זעלטן בוקעט פון יונגער יידישער דיכטונג פול רייץ און חן און — וואונדער איבער וואונדער — לירישער פארביינקטשאפט און, כ׳וואָלט געזאָגט, א מין פארליבטקייט אין דעם דאָזיגן לעבענס־שטראָם, א טיפער גלויבן אין דער צוקונפט, א שטארק פליסנדיגער קוואל, א מין „מעין המתגבר“, ווי עס וואָלטן געזאָגט די בעלי־המליצה פון פארגאנגענעם דור.

ווער וועט זיך נעמען אָט די דאָזיגע רעטעניש פּותר צו זיין? — כמעט די גאנצע יידישע ליטעראטור אין גאנץ רוסלאנד איז ווי פארגליווערט געוואָרן אויף א טויטן־פונקט, קיין איין ניי בעלעטריסטיש ווערק וואָס זאָל אין זיך טראָגן די סמנים פון דער נייער צייט איז ניט ערשינען און גראָד אויף דעם פעלד פון פּאָעזיע האָבן זיך פונאנדערגעוואקסן אזעלכע פיין־אראָמאטישע בליטן, פארשיידנפארביקע בלומען, וואָס דערקוויקן אונזער מיד און צייטנווייז יאושדיג געמיט. איינער נאָך דעם אנדערן באווייזן זיי זיך און אנטפּלעקן פאר אונז יונגע און גאָר יונגסטע דיכטער, נייע בלומען פון זייער שאפן בעת דאָרט ארום:

דאָרט טראָגן זיך חורבה׳שע שטויבן
דאָרט טראָגן זיך רויכיגע באלקנס,
די באלקנס פון שטיבל פון דיינעם.

(דוד האָפּשטיין „זינען געוועב“ קיעוו 1921)

און אָט דער דאָזיגער חורבה׳שער שטויב האָט גאָר א מאָדנע ווירקונג אויף אונזער דיכטונג. ער פרישט אָפּ זייער גייסט, ער סטימולירט זייער געמיט־צושטאנד, פּונקט ווי דער „רויך פון די באלקנס“ פארטעמפּט ניט זייער אויג נאָר גראָד פארקערט — ער גיט צו זייער קוק א באזונדער שארפקייט און ווייטזעהיקייט...

און ווען די יונגע דיכטער, פארכאפּט, אפשר, פון די גוואלדיגע אָרעמס פון דער רעוואָלוציע, וואָלטן געזויגן זייער חיות פון דער גרויסער פערמאנענטער־אונאויפהערליכער באוועגונג און וואָלטן אָט די דאָזיגע באוועגונג, איר טעמפּ און ריטם, פארקערפּערט אין דעם פּאָעטישן „השתפכות הנפש“ וואָלט נאָך געווען די רעטעניש ניט אזוי וואונדערליך — דער פּאָעט קאָן זיך שטיין אויפן סאמע שפּיץ פון דער רעוואָלוציע פּיראמידע, וואָס האלט זיך אין איין באוועגן מיט אויסער געוויינליך שווערע געבורטס־ווייען, און ער, דער דיכטער, קאָן זיך דאָרט פראווען זיין אינטים „התבודדות“. עס איז מעגליך. אָבער אויסער רעוואָלוציאָנערע לידער, אין דעם זין, וואָס זיי טראָגן אף זיך דעם שטעמפּל פון דער שטארקער און פארביסענער צייט, האָבן זיי דאָך אונז געגעבן, אָט די אוקריינער־דיכטער־גרופּע, א שיין בינטל ריין לירישער דיכטונג, וואָס באוואונדערן מיט זייער גלייכגעוויכט און רוהיגער פארחלומטער שטימונג, וואָס דערמאנט אונז יענע צייט, ווען ניט נאָר די „באלקנס פונ׳ם שטיבל“ נאָר די אלטע רעגנבויגן־פארביגע שויבן אירע זיינען נאָך געווען אלע גאנץ...

נעמט, למשל, די לעצטע אויסגאבן פון זייערע ביכלאך, מיר מיינען די קליינע ביבליאָטעק „ליריק“, עפנט אויף האָפּשטיינס „זינען שלייפן“ און איר ווערט באצויבערט פון די ליבע מאָטיוון, וואָס דער דיכטער האָט אונז אין דער דאָזיגער הארטנעקיגער צייט פון בלוט און שווערד אזוי פיינגעביג אונטערגעטראָגן. לויט דער פאָרם און טאָן דערמאנען אונז די לידער

אנדריי בעלי׳ס און אַלעקסאנדר בלאָקס דיכטונג פון פאר דער רעוואָלוציע. זייער מוזיקאַלישקייט פארוויגט אונז אין טרוים פון „יענע צייטן״, ווען די האָריזאָנטן האָבן געפונקלט מיט ווייט ווינקענדע שטערנדלאַך, ווען דער פלאם און דושנע רויך האָט נאָך ניט פארכמארעט די אַויסגעשטערנטע נאכט פון אונזער סענטימענטאליטעט...

ווי אזוי האָט ער עס מציל געווען יענע געמיטליכע „מנוחה״, וואָס פאָדערט זיך פאר אזא מין ארט דיכטונג. ס׳איז ווירקליך א וואונדער! דער דיכטער ערקלערט עס אויף אזא מין אייגנארטיגן אופן:

„מיין ווילדע מיין מילדע
איך ווייס קיין געוויינליכס, איך ווייס נאָר פון ניסים,
וואָס שטראָמען אומענדליכע פליסן און פליסן;
איך ווייס איצטער נאָר אף וואָרט זיינעם ווארטן
און דאָרט אף פעלדער אין בלוטן, אין שלאכטן,
מיין האס ווערט צעוואָרפן אף אלע פיר ענדן,
מיין ווי ווערט פארשאָטן דורך פויסטן דורך פרעמדע.
און איך ווייס איצט איינס נאָר אויף וואָרט דיינעם ווארטן.״

„דורך פויסטן דורך פרעמדע״ פאָרשט דער דיכטער זיין ווי, זיין האס ווערט צעוואָרפן אף אלע פיר ענדן, און ער ווארט אף איר וואָרט, און זי, אָט דער סטימול פון ליבע, דערציילט אים און וואונדערט זיך אליין ווי זי שטייט איצט אונטערן הימל, אי ליכטיג, אי מונטער. —

„דו האָסט מיר דערציילט, ווי זיי האָבן געפרוירן
די פינגער, צו ווארם צו צארטער געבוירן;
דו האָסט מיר דערציילט
און דו האָסט זיך געוואונדערט,
וואָס דו און דער בוים אָט דער שלאנקער, איר ביידע,
אין גרינגען, אין יונגען, אין גרינעם געקליידטע,
איצט שטייט אונטער הימל אי ליכטיג אי מונטער,
דו האָסט מיר דערציילט און האָסט זיך געוואונדערט.״

זיי וואונדערן זיך, דער פאָעט און זיין געליבטע, עס איז אָבער ניט זייער פארזענליכער־אינטימער וואונדער. עס איז א וואונדער פון דער גאנצער אוקריינער דיכטער־גרופע בראש פון וועלכע ס׳שטייט דוד האָפשטיין. און לאָמיר זאָגן, ס׳איז פאר אונז א פרייליכער וואונדער, וויאזוי מיט „פינגער צעפרוירענע״ אונטער „חורבה׳שע שטובן״ און „רויכיגע באלקנס״, וואו אומענדליכע שטראָמען האס און ווי פליסן און פליסן, וואקסט אויס א נייער דור דיכטער, וואָס שפינט ווייטער די גאָלדענע פאָדעם פון אונזער דיכטונג אויף זייער ארט און שטייגער.

## לייב קוויטקאָ

העלער שאָטן ... טונקלער שאָטן ... נעכט ... פאר שדים ... פארבן .... און יונגע פרייד ... אזוי באטיטלט לייב קוויטקאָ, דער יידישער אוקריינישער דיכטער, זיינע געזאנגען. איר ליינט און ס׳זינגט אין אייער נשמה עפּעס גאָר א נייער, א פרישער, א שטילער געזאנג ... ס׳איז ליריק ראפינירט, אייראָפּייאיזירט און העכסט־יידישלאַך.

איר הערט גלייכצייטיג דעם אָבקלאנג פון מעטערלינק׳ס, עדגארד פאָא׳ס און אלעקסאנדער בלאָקס שאָטנס און פארבן און צו דער זעלבער צייט פילט איר, אז איר האָט צוטאָן מיט אנ׳אָריגינעלן טאָן, אן אייגנארטיגן, א שפּאָגל־נייעם. איינציגע לידער זיינען דורכגעזאפט זאָגאר מיט ביאַליקס מאָטיוון, עס ליגט אָבער אויף זיי דער באזונדערער אייגנטליכער חן פון דעם קוויטקאָשן געזאנג. דער דיכטער האָט אין זיך אסימילירט, און הארמאָניש אסימילירט, די נייעסטע פרעמדע און יידישע פּאָעזיע און האָט זי באפרישט מיטן יונגן טוי פון זיין שאפן. דערין ליגט דער גאנצער גענוס, וואָס מיר שעפּן פון קוויטקאָ׳ס „טריט״. ער גייט זיך אין זיין אייגן שטעג. אויפן וועג שלינגט ער איין זיך אין די ריחות און פארבן פון אלע בלומען וואָס ער טרעפט אין דעם וועלט־גאָרטן. ער פארדייט עס איבער און קאָכט עס איבער אין זיין געזאנג. דער דיכטער טראָגט אין זיין הארצן „א גרויסן טויבן אומרוהה״ און א „שווייגנס״ אין זיין נשמה ... „ער טאנצט א שווייגנס מיט דער שטילקייט״ ...

„זי טוליעט מיך און ווינטעלט צאַרט אין אויער
שכורט מיך מיט אויסזעהן איר גרויער,
איך ווער א תם
און דריי זיך גלאט, ווייל ס׳דרייט זיך ...
... מיך בארירט עס —
דערקען איך זיך, מיין שטילקייט

(ל. קוויטסאָ. א שווייגנס)

ער דערקענט זיין שטילקייט און ער ווייסט דעם סוד ווי אזוי אונז צו באַרירן מיט אָט דער אומרוהיגער שטילקייט פון א טיף־פיהלענד און צנועה׳דיג־צאפלדיג געמיט. דער דיכטער פארמאָגט א גרויסן אוצר:

יוגנט האָב איך
די יוגנט איז מיין גרויסער, גרויסער אוצר,
טרוימען דאָרט אין דימענטן און שטראלן,
ציהען ציהען זונען־סטרונעס אויס,
שפילט מיט צארטע פינגערליך אויף זיי
מיין יוגנט פרייד ...

די פרייד אָבער איז א טונקל־שאָטנדיגע ווייל — נאָר, וויי!

די שטילנטעג, די שטומע תהומ׳ס שלוחים
גנבנען זיך שטיל איינס נאָך איינס צום אוצר,
דער רייסט א פערל אויס און דער א דימענט,
דער כאפט א זון אוועק און דער א ים׳ל —

און דער דיכטער טרעפט אין זיין אוצר:

... וואו ס׳ליגט א ברוסט א דארע,
איך קוק מיך איין אין ברוסט — זי איז פארשרפה׳ט
אויסגעקושט דאָס הארץ אין איר, זי איז א פוסטע,
ליגט אין ווינקל, ווי א שאָלאכץ פון א ניסל.

און שטיל און טיף ווי זיין שווייגן פיהלט דער דיכטער אז —

מחנות מיידן, וואָלקן מיידן
מיך א זייטיגן א קליינעם,
ניט צו פלויטן, ניט צו וועגן
ניט צו מארקן, צוגעשלאָגן
כ׳קאָן ניט מיטגיין מיט קיינעם.

דער המון — מיין געזונטער פאָטער —
שטארקע גלידער, בלינדער ווילן
שיקט א דולן צו א טאָטער
און פארשטייט א הינטיש בילן.

אָבער איך אזא מין איינער
פון מיין גאס ארויסגעשטויסן,
ווי א שפּאָן אוועק פון שפּענער
און א איינער אינם דרויסן . . .

דער דיכטער בלייבט „אן איינער אינ׳ם דרויסן”. ער ווערט ניט הינגעריסן פון די „שטארקע גלידער” און פונ׳ם „בלינדן ווילן” פון זיין מעכטיגער צייט און דריבער גייט ער פארביי דעם פייערשפּייענדען וואולקאן און בלייבט ווי פריער, איינגעהילט אין זיינע העלע און טונקלע שאָטענס. אין דעם „מארק” וואו מענשליכע ליידנשאפטן קאָכן און ברויזן מיט האס, מיט נקמה, מיט לוסט און מיט גבורה, באמערקט ער נאָר „ווי אלע פיר עקן פון צעוואָרפענער וועלט דורך וועגן און געסליך, מיט מאָכיגע טריט, קומען די נעכט, ווי א טשערעדע גרוי-טונקלע קעץ און טוען א כאפּ זיך אריין אינ׳ם מארק” און ער זעהט נאָר ווי א הינטל א קליינס ווערט דער נביא פון מארק און לעקט פון דער ערד ברעקליך פעטליכע זאלץ, וואָס ס׳האָט דאָ א חזיר-שטעל איבערגעלאָזט.

דער דיכטער פארמאָגט זיין אייגנעם גייסטיגן שפּיגל:

מיין שפּיגל א גלאטער, קאלטער,
דאָך עפּעס א טיפעס באהאלט ער . . .
ווען שטילקייט פארקילט ווערט אין ווינקעלע פון צימער

און ס׳קומט אָן דער אָוונט
מיט בלויאינקע אָדערליך-קומער
קומט אָן א אומעט פון טיף פונ׳ם שפּיגל
און נעמט זיך פארשפּרייטן
אויף בילדער פון ווענט,
אויף צעוואלגערטע קליידער.

פול-רוה איז דער שפּיגלשער אומעט,
רוה פון שטיל — שווייגנדע קנוילן-געפילן
וואָס רוען אין אָפּגרונט פון חלומשע הערצער, —
וואָס זעלטן באַרירט זיי א ריר פונ׳ם זינען.

אָט די „אָדערליך-קומער” און „קנויל-געפילן” פארכאפּן כמעט דורכאויס דעם דיכטערס שטימונג און אפילו ווען ס׳כאפּט זיך אריין אין זיין צימער א שטורם —

קוקט ער א פלאכער, מיין שפּיגל, אויף שטורם
קוקט אים אין פּנים און שפּיגלט זיין אימפּעט.

נאָר רוהיג פאראומערט פארגייט ער אין זיך,
אין זיין ברעגלאָזער טיפעניש.
און לעבט דאָרט אליין אין זיין בלויליכן דמיון
און לעבט דאָרט פאר זיך אין זיין בלויליכן דמיון . . .

(ל. קוויטקאָ, מיין שפּיגל)

איך ווייס ניט גאָרנישט, גאָרנישט, דערציילט אונז דער דיכטער,

איך ווייס ניט גאָרנישט, גאָרנישט . . .
עפּיס שווימט א שיף פון איין ברעג, שווימט צום צווייטן
כוואליעס היפּן נאָך און לעקן זי, באגלייטן,
טייכ׳ס א מעשה׳לע א ווייס איז שיף, מסתמא,
וואָס האָט געשיקט דעם קינד, דעם טייך, — ים די מאמע
קיינער פירט די שיף ניט, קיינער, קיינער . . .
כאָטש עס זיצט דאָרט איינע, דאכט, צי איינער.

(ל. קוויטקאָ, איך ווייס גאָרנישט)

און אָט דעם איינעם אָדער די איינע וואָס פירט דעם שיף, „פארשטייט ניט דעם דיכטערס הארץ אין זינגען” . . .
דער דיכטער איז ווייט-ווייט פון דעם שטורם פון זיין צייט, ער בויט זיך זיין טרוים און חלומט זיין וועלט און באווייזט אונז דעם חלום אַזוי קינדיש, דאכט זיך, און אזוי טיף-ראפינירט:

„איך שטיי ביי א ברונים אן אלטן מיט מאָך
א קאץ, זאָגט מען, וואוינט דאָ א גאַנצע וואָך
נאָר שבת פון קאץ גלייך א מיידעלע ווערט
וואָס כשופט מיט אויגליך, מיט ליפליך באשווערט,
און זעלטן אין זומער אין בלויאינקע נעכט
נויגט צו צום הימל און שפּרעכט.
דער שפּרוך ווייסט לבנה, דאָס מיידל, נישט מער
מיך שכורט צו וויסן, טאָ קום איך אהער . . .

עס איז דאכט זיך א מאָטיוו פאר א פאָלקסליד, עס איז דאכט זיך א מעשה׳לע פאר קינדער, נאָר ווי שטימונגס-פול און ווי פארבינקט. ווי איינגעהילט איז זאָגאר דאָס דאָזיגע מוזיקאלישע ליד אין דעם אייגנארטיגן קוויטקישן „אָדערליך-קומער” און „קנוילן געפילן”, וואָס דער מאָדערנער ייד פון אונזער צייט איז אין זייער נעץ פארפלאָנטערט. ער איז, דער דיכטער, אינגאנצן פארזונקן אין זיך און מיט זיך:

„כ׳וויל איצטער קיינעם נישט זעהען
איך וויל נישט זאָלסט קומען, מיין פריינט,
כ׳האָב געסט איצטער — אומעט און שטילקייט,
מיין הארץ איז פארנומען אויף היינט.

דאָס דאָזיגע ליד דערמאַנט אונז שטארק ביאליקס לירישע ליד אויף דעמזעלבן מאָטיוו, דורכגעדרונגען מיט דער זעלבער שטימונג, דאָס באקאנטע „ביום קיץ יום סתיו”. עס איז אָבער פּאָרט ניט דאָס, דער אקאָרד איז אָבער גאָר אנ׳אנדערער:

קום מאָרגן . . . אפשר נאָך שפּעטער
ווען עס וועט זיך פארהוילן אין בלעטער
מיין בענקענדעס הארץ שוין צוריק.

וועסטו טרעפן מיין טיר דאן א גרינגע
צוריק אויך מיין שטימע די יונגע
מיין הפקרדיג פרייליכן בליק . . .

לייב קוויטקאָ, אלזאָ, איז דער ריינסטער ליריקער אין דער יידישער אוקראַינישער דיכטער־גרופּע, אין דעם פּרט איז ער נאָך מער רעטעניש פון דוד האָפשטיין, וועלכער איז דאָך פּסיכאָלאָגיש, וויינינגסטענס, צוזאמענגעוואקסן מיט דעם שטורם פון זיין צייט. קוויטקאָ איז א בלום א שיינע א רייצענדע, אָבער פון איר טראָגט זיך אויך דער הארבסטיגער אראָמאט פון דער פארגייענדער וועלט . . .

## פרץ מאַרקיש

דער שטורעמדיגסטער, דער וואולקאנישסטער צווישן דער יידיש־אוקראַינישער דיכטער־גרופּע איז — פרץ מאַרקיש. ער איז מער פרימיטיוו פון זיי, ער פארמאָגט ניט די אויסגעאיידעלטע און זיידענע, פארחלומטע פערזען פון א קוויטקאָ, אָדער א דוד האָפשטיין, ער איז אָבער אנ׳אויסדרוק פון דער צייט מיט איר גלאָקן־קלאַנג און מיט אירע שטארקע און ריינגלענציגע מוסקולן. ער איז א געזונטער נאַטור־מענש, וואָס האָט גאָר א נאהנטע באציהונג צו דער „היילער ערד”, צו איר „וויכן און וואַרמען לייב”, וואָס איז אָגגעטרונקן מיט פרישן רעגן און אויך מיט א היבש ביסל מענשליך בלוט. עס שאָקירט אים ניט אָט דער „נאַקעטער מענש אויף דער היילער ערד”. ער איז גאָר פארבליבן אין דער געזונטער פרימיטיווקייט פון א באָרוועס שיקסל, מיט א צייטיק לייב, וואָס שמעקט מיט פרישע עפל פון בוים און מיט קאלטן טייך. אין דעם פּרט פון ריין־ערדישקייט איז ביי אונז פרץ מאַרקיש דער איינציגער דיכטער. ער איז שוין הימל־ווייט פון א דוד איינהאָרנ׳ען, למשל, וואָס איז אַזוי פארליבט אין דער יידישער טאָכטער מיט איר צניעות און קרענקליכער פארביינקטקייט.

די אלע יידישליכע מאָטיוון פון אונזער פּאָעזיע זיינען פרץ מאַרקיש׳ן פרעמד. ער באוואונדערט מיט זיין גאנצקייט און מוסקולקייט. איר פילט אין זיינע לידער דאָס שטארק פליסענדע בלוט פון א נאטור־מענשן, וואָס דער „שכינתא בגלותא” אין דעם מאָדערנעם יידישיסטישן לבוש, איז ניט פאַר זיינע געזונטע פלייצעס. ער ווייסט אויך ניט פון דעם זיפץ, וואָס הילכט אָפּ אין אונזער מאָדערנער דיכטונג, ער איז רַעשיג לעבנסלוסטיג, דורכאויס מיט די פיס אויף דער ערד.

אָנגעהויבן האָט ער מיט זיינע נאַטור־שילדערונגען, אין שטארקע נאָך ניט אויסגעשליפטע, אָבער זייער געזונט־אָריגינעלע פערזן. דאָס זאַנג און פעלד, דאָס דאָרף און וואלד זיינען געווען די הויפּט סטימולן פון זיין מוזע. די לעצטע צייט ווערט ער אלץ מער סאָציאל, אזוי צו זאָגן, ער וויל שוין ווערן דער „שטורם גלאָק” פון דעם איצטיגן רוסלאַנד. ער איז אויך דאָ אין די סאָציאלע לידער אזוי טעמפעראַמענטפול און רעשיג ווי אין די נאטור־שילדערונגען. אויך די נייע לידער זיינע טראָגן אויף זיך די אלע סמנים פון זיינע ערשטע לידער. זיי זיינען אויך ניט גאָר קינסטלעריש, ניט גוט איינגעפּאַסט אין די ריימען פון א ריטמיש־מוזיקאַלישן פערז, ווי מיר זעהן עס ביי קוויטקען אָדער האָפשטיינען און ביי שוואַרצמאַנען. זיי זיינען אויך ערטערווייז פּאַמפלעטיש און פראָקלאַמאַציאָניש. דערפאר זיינען זיי אָבער תמיד שטארק און געוואגט, עס פילט זיך אין זיי א קראפט, זיי ווירקן אויף אונזער אויער ווי א האַמער. מאַרקיש שטייט שוין אין דעם פּרט נעהנטער ניט צו א דוד איינהאָרנען, אָדער צו א יהואשן נאָר צו מאָריס ראָזענפעלדן. עס איז א נייע אָריגינעלע ארבעטער־דיכטונג. זי איז ניט אזוי טענדענציעז־באגרעניצט ווי ביי ווינטשעווסקען און ביי באַלאַשאָווערן. זי איז אָבער, לויט איר אינערליכן ריטם, א נאָהנטע קרובה מיט דער פּאָעזיע פון „אַ בעזים און א קעהר”. מאַרקיש פארמעסט זיך אויך אין זיינע לעצטע לידער מיט „אַ בעזים”, ער וויל אויך אויסקערן דעם שימל פון דער קאַפּיטאליסטיש־פארשימלטער וועלט. ער וויל זיין ליד פאַרוואנדלען אין א שווערד. די דאָזיגע קאמף־פּאָעזיע, וואָס איז אויך אָפּטמאָל א מין „געלעגנהייט־פּאָעזיע”, איז געגליכן צו דער . . . „חרב המתהפכת”, זי ווארפט זיך מיט איר אימפעט אין אלע זייטן און ס׳שטייט איר פאָר די געפאר פון פארטעמפּט ווערן. עס איז פיל לייכטער צו באזינגען די בלויע נאַכט מיט אירע טונקלע שאָטנס, איידער א שלאַכט, למשל, ביי נאכט אויפ׳ן רויט באפארבטן פעלד. מאַרקיש פּרואווט ווערן דער דיכטער פון די „שטארקע געפיהלען”. ער פּרואווט זיך ניט אָבפּלאָנטערן דעם „קנוילן געפיהל”. ער וויל נאָר איבערגעבן די פּלאסטיק פון דעם פאר׳עקשנ׳טן ראנגלעניש צווישן די צוויי וועלטן, דער אלטער און ניי־קומענדער מיט אירע געבורטס־ווייען. הלוואי זאָל אונזער יונגער דיכטער מצליח זיין אויף דעם שווערן וועג פאַר׳ן פּאָעט. זאָל ער ניט געשטרויכעלט ווערן פון די שווערע שטיינער, וואָס ליגן אויפ׳ן וועג פון אָט דער שטרייט־פּאָעזיע, הלוואי!

דער פּאָעט איז נאָך יונג, אפשר וועט איהם געלונגען צו האלטן דאָס צוויי זייטיג שווערד פון אירע ביידע זייטן, אפשר . . .

## א. קושניראָוו

קושניראָוו איז אויך ווי מאַרקיש דורכגעדרונגען מיט דער שטימונג פון איצטיגער הארטנעקיגער און גרויזאם קעמפענדיקער צייט. ער איז אָבער ניט אזוי רעשיג ווי מאַרקיש, ניט אזוי שטארק פארמאָסטן מיט׳ן פויסט . . . ער איז שטילער און איינגעהאלטענער אינ׳ם ריטם און באשיידענער אין טאָן. ער איז געוויס א יונגער דיכטער מיט טאַלענט, וואָס זוכט נאָך זיינע וועגן און וועט זיי סוף כל סוף געפונען. אין דעם קליינעם ביכל „וועגט” פון דער „ליריק”־אויסגאַבע זעהן מיר

שוין די קערנדלאַך פון וועלכע עס וועלן זיך צעוואקסן זיינע פּאָעטישע דיכטונגען. ער איז, אזוי צו זאָגן, סאָציאַל־ליריש. זיינע לירישע שטימונגען שעפּט ער פון שטאָדט, וואָס ראנגלט זיך מיט איהר אונטערגאנג, דערהויפּט פון זיין גרויס יסורים־פולען פּאָטערלאנד. ער איז מונטער, דער דיכטער, און גלויבט אין די פּאָטענציעלע כחות וואָס שטייען אויף, וואָס ווילן און וועלן זיך באַווייזן.

דער יונגער פּאָעט, ווי דאָס רוב דיכטער פון דער יידיש־אוקריינעשער גרופּע, איז געקומען, ווי עס דערציילט אונז זיין פריינט דוד האָפשטיין, פון א באזונדער שול פון עכטער ניכטערקייט . . . סיביר, רוסישע קאַזאַרמעס, דערנאָך פראָנטן, פון אָט דעם שווערן ניכטערן לעבן האָט דער דיכטער געבראכט זיין האַס צו דער אלטער וועלט.

און ער ווענדט זיך צו דער שטאָדט:

„שטאָדט,
אלטע שטאָדט !
פאַר יאָרן פּיין פון טויזענטע פארשקלאפטע
פאר קללות ביטערע,
וואָס שוועבן אום אויף דיינע טויערן,
היינט.
אין בייזן טאָג אין דיינעם,
ווער וועט דיר בלייבן טריי,
ווער וועט דיין צער באדויערן
אלטע שטאָדט !
ווי שטאָלץ
און פעסט געוועןן דיין הערשאפט
אויף געגענטן און ווייטן,
און וואו איז איצט דיין מאכט און קראפט ?
פון הימל,
וואוהין דו האָסט געטייטלט
מיט שטאָלצע שפּיצן
פון דיינע טעמפּלען,
האָבן זיך אראָפּגעלאָזט אויף דיר
שווערע נעפּלען
בלייערנע
און אָבגעטאָן האָט זיך פון דיר דער שיין
און אויסגעלאָשן זיינען דיינע פייערן . . .

(קושניראָוו, „שטאָט”)

ער באדויערט ניט דעם צער פון דער אלטער שטאָדט, וואָס גייט אונטער. פארקערט ער נעמט פון איר נקמה. און אָט דער דאָזיגער נקמה געפיל איז דער לייט־מאָטיוו פון זיינע שטאָדט און אין־שלאכט לידער. איינע פון די לעצטע פארענדיגט ער מיט אזעלכע סטראָפן:

פארשניטענע ברידער !
ווער האָט אייך פאראורטיילט ? . . .
אין וועמעס א גאָרגל
איינזויגן זיך מיט פארגיפטיגטע ציין
פאר שלאַכט־פעלדער וויסטע
פאר אייערע ליידן ? . . .

(קושניראָוו. אויף שלאַכט־פעלדער)

דער יונגער דיכטער איז אויך א היבשער מייסטער פון ריטם און פאָרם. ער גיט אונז אזא סארקאַסטיש און באַהארצט ליד:

מיין הונט איז פארוואונדעט . . .
געמיינט, אז איך ווארף א שטיק ברויט . . .
און איך האָב צום פיינט א גראַנאַטע געוואָרפן.
געלאָפן דאָס רייסן,
מיט אימפעט געלאָפן ביז רויכיגן אויפרייס
און אומגעקערט האָט זיך צוריק,
א באפלעקטער
מיט בליענדע צייכנס פון ווייטאָג . . .
און לייגט אנידער צו פיס צו מיינע
דאָרשטיגן צונג
און שטילע און שטומע צוויי הינטישע אויגן —
אויגן באפייכטע מיט פראגע, מיט טענה . . .
. . . איז וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין הונט
וואָס פארשטייט ניט
וואָס קאָן ניט באגרייפן וואָס איז אזוינס אומזין,
וואָס ווייסט ניט
אויף וואָס און אויף וועמען זיך קלאָגן . . .
אָ נאַרעלע, נאַר, כ׳האָב דיך דען געמיינט ?

(קושניראָוו. „מיין הונט”)

דער דיכטער געפינט זיך אויך אונטער דעם איינדרוק פון דער רוסישער פּאָעזיע. אָבער עס איז א געזונטע השפעה, וואָס פרישט אָפּ ווי מיט טוי דאָס אייגענע און זעלבשטענדיגע שאַפן.

קושניראָוו איז אויך א שען בלימל אין דעם בוקעט פון דער יידיש־אוקריינישער גרופּע. ער פרעגט: „ווער בין איך, וואָס בין איך און וועמענס”, און ער ענטפערט:

„כ׳בין פארגראָבן מיט מיה און עלטער
אין מאָרגן מיט שטרעבן פארוואָרצלט.
נאָר היינטיגער טאָג געוועלטיגט
אויף מיר דעם גרויסן און שטאָלצן.”

זאָל אויף איהם דער היינטיגער טאָג געוועלטיגן, זאָל ער אָבער אין איהם מיט זיין שווערער לאַסט ניט דערשטיקן די ליריש־באַלאַדישע קערנדליך, וואָס זיינען פארזייט שוין אין זיין קליין ביכל „ווענט”.

## אָשר שוואַרצמאַן

„כ׳ווייס עס איז א לעבנס־ווילע פריה געקומען, גיך פארשוואומען,
און דו שטייסט נאָך פארביינקטער און דערמאַנסט א ליבן נאָמען.”

(אָ. שוואַרצמאַן)

אָשר שוואַרצמאַן . . . דער נאָמען האָט זיך באוויזן אידער יונגער יידישער אוקריינישער דיכטונג ווי א רעגנבויגן, ווען . . . „ווען א שטראל פון דער זון האָט א כוואַליע געקושט מיט ליפּן פון ריינעם גין־גאָלד . . . א שפּרונג האָט די

כוואליע געטון ווי צעמישט — און לעבן מער ניט גע־וואָלט״ . . .

אנטפלעקט האָט זיך דער פריצייטיג פארשטאָרבענער דיכטער שוין דורכאויס א צייטיגער, א פולפארביגער, און דער עיקר, א געבענשטער מיט אמת׳ן טאַלענט, מיט טיפער לירישער מוזיקאַלישקייט, מיט אנ׳אייגנארטיגן טאָן און פאַרנעם . . .

יעדעס ליד זיינס רירט און וועקט דאָפּלדיג געפיל פון דורשט צום לעבן און, ווי די בעסטע רוסישע דיכטער, פאר־מאָגט ער אין זיך יענע הארציגע ווייכקייט און פארחלום׳קייט, דעם געזונטן שטימונגספולן באַנג־טאָן, די קלאסיש־קלאָרע אויסגעהאלטנקייט פונ׳ם ריטם, די נאטירליכע ראַמן לויט דעם טעמפּ פונ׳ם שיר . . .

אָשר שוואַרצמאַן איז אין דעם פרט דער קלאַסישער דיכטער אין דער יונגער יידישער דיכטונג בכלל. איך ווייס ניט קיין צווייטן פון דוד איינהאָרן ביז דוד האָפשטיין, וואָס זאָל זיין אזוי האַרמאָניש און ריטמיש, אזוי אמת־ליריש און איינדרוקספול. זיינע לידער פון ערשטן ביז לעצטן האָבן דאָס פּאָלקאָמע רעכט אריין אין דער כריסטאָמאַטיע פון דער יידישער פּאָעזיע, ווי מוסטערן פון שפּראַך־אויסגעהאלטנקייט, און בילדליכקייט, באשטראלט מיט דעם אָפּשיין פון טיפן געפיל און שטילקייט פון וואָרט . . .

איר ענדיגט לייענען זיינע שירים און אין אייערע אויערן האָט נאָך אַן אַקאָרד פון פארגאנגענע שיינקייט געהאלטן אין אויסגיין אלץ שטילער און שטילער אזוי ווי די שיין פון דער זון, וואָס פארגייט, וואָס בלייבט זיך נאָך העל אויפ׳ן גראָז פון פעלדער, ווען עס ווערט שוין די זון־ראָד אלץ שמעלער און שמעלער.

אָשר שוואַרצמאַן גיט איבער זיין נשמה־צאַפּל דורך נאטור־שטימונגען און נאטור בילדער. די זון און דער רעגן, פרילינג און וואַלד, פריש צעאַקערט פעלד, א וואָלקענדל א גרויער, בערעזע זאַפט, קנאָספּן־קליי, דאָס לויפנדיגע טייכל, די נאטור מיט אלע אירע פריידן און ליידן, ריידן צום פּאָעט און דער דיכטער גיט אונז איבער זייערע סודות און זייערע כונות . . . און איבער די נאטור־בילדער שוועבט דער גייסט פונ׳ם פּאָעט וואָס איז גענוג ראַפינירט כדי צו באטאָנען די האלבע טענער אין בין־השמשות־זעהענישן פון דעם נייעם אויפגעוועקטן מענטשן . . . דער נייער מענטש „וואָס באגעגנט שיפן פון גאָלדענע ווייטן״, אָשר שוואַרצמאַן, גיט אונז אזא מין בילד: נאטור און מענטשן צוזאמען געפלאָכטן, סיי אין אינערליכן ריטם, סיי אינ׳ם אויפנעמען די לעבנס־סימוואָלן:

ווי שבת מלאכים אויף זייד־בלויע הימלען,
אזוי קומט די כלה אין מיין הארצן . . .
און ווי אין א אירען דאָס שטילע באוועגן,
ווי זוניגער נעפל אין טאָל נאָך א רעגן, —
הויבט אויף זיך א גאָלדענע שפּיל אין מיין הארצן . . .

ווען זון האָט איר רייכקייט אויף ימים צעשפּליטערט,
באַגעגן איך שיפן, וואָס קומען פון ווייטן,
מיט מוסקל, ווי זיגל אין שיינלאכן ציטער,
מיט הארצן, וואָס ווייסט שוין פון רוהען נאָך שטרייטן,
באגעגן איך שיפן פון גאָלדענע ווייטן.

(א. שווארצמאן, פון גאָלדענע ווייטן)

דער דיכטער דערפילט א פרילינג־שטראָם פון „רוהען נאָך שטרייטן״ און זיין פרילינג זעהט ער אין דער נאטור׳ס אויפלעבן און ער גיט אונז, אגב, א קלאַסיש בילד פון דעם פרילינג בכלל:

איך גיי היינט ארויס אין א טאָג א באנייטן . . .
אויף פרילינג באפרייטן
אויף הארץ־ווייכן הימל
גייט קריהעט.
פון אלע פיר זייטן
שוין ציהען זיך פלאפלענדיג אומריינע שטראָמען
און נישטערן, זוכן, ווי הינטעלאך בלינדע
דעם פייכט שווארצן בויך פון דער ערד.
און ערגעץ פון ווייטן
אין בלויען פארקלערט
ווארט אָפּ שוין א וואָלקן א מילדער, א ווייכער . . .
און ווען ס׳וועט פון נאכט פרעסטלאך זיין שוין קיין זכר
און זיין וועט דער הימל אויך ריינער און העכער,
אין גאָרטן שוין ווייך און צעגראָבן די ערד —
דאן קומט בלייכער וואָלקן אויף גאָלדענע פערד.

(א. שווארצמאן, „פרילינג״)

ער איז נאָך יונג דער דיכטער, ס׳טריפט מיט יונגקייט פון יעדער באוועגונג פון זיין פעדער; און פארגלוסט זיך אים באווייזן אונז זיין יונגקייט און זאפטיגקייט, גיט ער אונז, ממילא שוין אזא מין נאטור בילד:

יוגנט, יוגנט
ווי א שפילנדיגע וועל,
ווי א טרער פון פולער פרייד
דיין שטעל
דיין יונגע לייד.
די פרילינג־צייט בערעזע־זאפט
מיט שטיקליך קאָרע אומריין־ריין,
(דאָך גלייך פון בוים)
אפילו טערפּקע אויפן טעם
(׳זוי איז דאָס שוין)
נאָר ס׳שטעקט מיט גרינעם קנאָספּן־קליי
ביי גרעבלע רוישט א פרייד־געשריי
און זון און וועלט
און איך אין וועלט . . .
צעקלאַפּ דעם קאָפּ מיר אויף א שטיין —
איך דארף נישט זיין . . .

(אָ׳ שווארצמאן, „יוגנט״)

פון אלע זיינע לידער שמעקט טאקע מיט בערעזע־זאפט און מיט קנאָספּן־קליי, מיט פייכט צעאקערטער ערד, מיט פרישן טוי, מיט צעבליטן בעזש . . .

און מערקווירדיג. די לידער זיינען געשריבן געוואָרן פון א דיכטער, וואָס האָט זיין פּען אויף שווערד אויסגעטוישט, וואָס האָט זיין הארפע ניט אויף „די ווערבעס״ אויפגעהאנגען, נאָר ער האָט זי מיט זיך אין שלאכט גענומען און געקעמפט מיט די שענדער פון זיינע שוועסטער און ברידער. עס איז בכלל א וואונדער־ערשיינונג אין דעם יידישן לעבן און דער עיקר אין דער יידישער דיכטונג. ביז איצט זיינען די פּאָר־

שטייער פון יידישער פּאָעזיע געווען די באַלאַבאַטישע קינדער. דאָס רוב מענשן מיט דעם אינטיליגענטישן דואַליזם און צעבראָכנקייט, מיט דער אייביגן ריס אין הארצן, מיט דעם „קרע שבלב״, ווי מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי האָט אים א נאָמען געגעבן. אין בעסטן פאל האָבן זיי געקאָנט פארשטיין און באוואונדערן דעם קאמף מיט די אונטערדריקער און פייניגער. זיי אליין זיינען אָבער געבליבן דאָס רוב מייל־ווייט פון דער שטרייט־אַטמאָספער. זיי האָבן גערופן און געוועקט צום פּראָטעסט, אָבער ניט מער; דערמיט האָט זיך זייער ראָל אין דעם פרט אָנגעהויבן און געענדיגט. אָשר שוואַרצמאַן איז ניט נאָר אלס פּאָעט, נאָר אלס פּאָעט־מענש א זעלטענע אויסנאַם. ניט נאָר אין זיין שאפן, נאָר אין זיין לעבן גופא. דער יונגער דיכטער, דער ליריקער און נאַטור־שילדערער, דער־טיף־פילענדער און פיין דענקענדער מענש, האָט זיך ניט געקאָנט באפרידיגן מיט זיין ראָל אלס דיכטער. ער האָט פארשטאַנען די האַרמאַטן־שפראך ניט ערגער ווי דעם נאַטור־לשון. ער האָט, ווייזט אויס, געהאַלטן פאר א צו גרויסן לוקסוס אָבצוגעבן זיך אינגאַנצן זיין דיכטן, בשעת ארום קומען פּאָר פּאָגראָמען, וואָס מאכן א תל פון דעם מענשליכן לשון בכלל, ווייל חיות קאָנען זיך באגיין אָהן געשריבענער ליריק . . . פאר די טויטע און פארגוואַלטיגטע איז דאָך ניטאָ וואָס צו שרייבן. און פאר די לעבעדיגע וואָס קוקן דאָס צו און גייען פון זינען ניט אראָפּ — איז דאָך ניט כדאי צו שרייבן . . . איז ער אוועק אין שלאַכט־פעלד און האָט גוטוויליג זיין לעבן געאָפּפערט . . .
דער פּאָעט קלאָגט זיך:

„איך האָב געזעהן א בלויזע שווערד
א גלאַנץ די שארף, א קלונג דער שפּיץ
ס׳האָט ווי א שניט געטאָן מיין אויג
א גיכער בליץ.

איך האָב געזעהן אַ ווייסן שניי:
א ווייכע, קלאָרע ריינע דעק
נאָר וואָס פון הימל —
אָן איין ריר.

נאָר כ׳קוק זיך צו: א שטשערב אין שווערד
און ווי! אין שניי א פלעק,
אַי טוט מיר באנג —
א שיינער חלום איז אוועק.

יאָ, א שיינער חלום איז אוועק. דער חלום, וואָס רופט זיך אָשר שוואַרצמאַן, וועט אָבער ניט פארגעסן ווערן. ער וועט אין א לעגענדע פארוואַנדלט ווערן, און פון דור צו דור וועט מען דערציילן, ווי א יונגער דיכטער, געבענשט פון גאָט מיט א קינסטלעריש פּענזל, וואָס האָט געוואוסט דעם סוד צומאָלן די סודות פון דער נאַטור, וואָס האָט דעם ריח און זאַפט פון ביימער און פעלדער אין יידישן שיר אריינגעהויכט, — ווי אזוי ער האָט זיין פּענזל אין א שווערד פארוואַנדלט און האָט פאַר זיינע ברידער און שוועסטער און פאר דעם מענשענס ווירדע געקעמפט.

אין שטילער אומעטקייט נאָך שלאַכט
האָט שוואַרצער אָדלער פון פארנאַכט
דעם קאָפּ ביז האַלז פארטונקען
פון אויסגעשפּרייטן רויטן האָריזאָנט
דאָס בלוט צוטרינקען.

דעם דיכטערס בלוט צוטרינקען:
ביים טונקל־רויטן זון־פארגאַנג
אויף מידע שלאַכטן־פעלדער . . .

שמואל רובינשטיין

# איז דער טעאַטער פארפאַלן?

אויף אלע געביטן פון דער קונסט זיינען תמיד געווען און זיינען דאָ צווייערליי טוער: די איינע געהן ניטקוקנדיג אויף אלע דערנער, וואָס זיי טרעפן אָן, אלץ פּאָראויס און שטרעבן מיט מסירת נפש צו פארווירקליכן זייערע קינסטלערישע ציעלען, צו אנטפּלעקן זייער קינסטלערישן „איך״, — די אנדערע, וועלכע זיינען מעהר „מאכערס״ ווי קינסטלער, ווילען זיך ניט ברעכן דעם קאָפּ, ניט חכמה׳נען זיך און זיי פּאַסן זיך איינפאַך צו צום געשמאַק און צום טעגליכן פארלאַנגען פון דעם המון.

נאָר בשעת אויף די אנדערע געביטן פון דער קונסט, זיינען די און יענע פאראַנען אין א געניגענדער צאָל, די ערשטע אפשר ניט ווייניגער ווי די צווייטע, ווייל דער דיכטער און דער מאָלער קענען רעכנען אויף אָנערקענונג שפּעטער, בשעת דער שוישפּילער און רעזשיסער קאָנען דרויף ניט רעכנען (דאָס וואָס איז געווען אויף דער סצענע נעכטן, איז שוין ניטאָ) — איז אין טעאַטער הערשט מעהר די מאכערי און די קנעכטישע צופּאַסונג צום המון, און דאָס מיינט ניט די פּאָלקסמאַסע, וועלכע איז אפּטמאָל טיפער פון די „געבילדעטע״ און נעמט אויף די קונסט מיט איר אינסטינקט, נאָר צו יענעם המון, וואָס זיין געשמאַק און קינסטלערישע אויפנאַמספעהיגקייט איז פארקעהרט פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין קויפקראַפט. און זעהר, זעהר ווינציג זיינען די אמתע כהנים פון דער טעאַטראַלער קונסט — ווי באַנאַל דער דאָזיגער אויסדרוק זאָל ניט זיין, — וועלכע זיינען זיך אמתדיג מוסר נפש

פאר׳ן טעאטער, וועלכע זיינען באהן־ברעכער, וועלכע אכטן זיך אליין און זייער שאפונג און הויבן זי אויף צו דער מדרגה פון איינער פון די וויכטיגסטע קולטור־פאקטאָרן.

אבער אָהן דעם המון, אָהן דעם פּובליקום, איז דאָך ניט מעגליך קיין קונסט, באזונדערס די טעאטער־קונסט. ווער עס פאסט זיך צו דעם המון, ווער עס פּרובט זיך אים צופאסן צו זיך, אבער שטענדיג איז דער המון פאראנען און אָהן אים קאָן דער קינסטלער זיך ניט באגעהן. אין דעם לעבן פון דער קונסט קומען פונדעסטוועגן פאָר אזעלכע צייטן, און דער קינסטלער קאָן לייכט גובר זיין דאָס פּובליקום. פּלוצים גיט עס זיך אונטער צו זיינע אויפטוען, עס ווערט גאָר אליין פאָדעריש און באווייזט א אנטוויקלטן געשמאק. דאָס היינגט, נאטירליך, אָפּ פון א גאנצער רייה באדינגונגען און, הויפּטזעכליך, פון די סאָציאלע באדינגונגען. ווען יענער טייל פונ׳ם פּובליקום, וואָס האָט א אנטוויקלטן געשמאק און א חוש פאר קונסט האָט אויך די מעגליכקייט מאטעריעל אויסצוהאלטן קינסטלערישע אונטערנעהמונגען, ווערט ער דער טאָן־געבער און די קונסט לעבט איבער איינע פון זיינע גליקליכסטע צייטן.

אין אזעלכע צייטן לאָזט זיך באהערשן דאָס גאנצע פּובליקום, וואָס פילט אָן דעם צושויער־זאל (ווער באוואוסט און ווער אומבאוואוסט), עס פאלן אום אלע פריערינע געשמאקן און ליבשאפטן, און וועלכער ס׳ניט איז קרייזעל פון קינסטלער, פאנאטיקער פונ׳ם טעאטער מיט א פעסטן ווילן צום שאפן, וואָס זייער שטרעבונג פאלט אויס גראָד אין אזא צייט, האלט אָפּ גרינג זיין נצחון. אזעלכע גליקליכע קרייזליך זיינען געווען אין דער לעצטער צייט ריינהארד מיט זיינע מיטארבייטער, סטאניסלאווסקי און נעמיראָוויטש־דאנטשענקאָ און די אקטיאָרן וואָס האבן באגרינדעט דעם מאָסקווער קונסט־טעאטער און איינינע אנדערע.

עס קומען אבער פאָר אינ׳ם לעבן פון דער מענשהייט און פון דער קונסט אויך א זעלכע צייטן, ווען קיינע טאלענטן, קיינע ריעזן־אָנשטרענגונגען פון די קינסטלער, זיינען ניט אימשטאנד צו דערלאנגען צו׳ן א נצחון. דאָ קומען מיר צו צו אונזער צייט און צו דעם, וואָס מיר לעבן אצינד איבער. וואָס זעהן מיר אצינד אין דער טעאטער וועלט? די פעסימיסטן זאָגן, אז דער טעאטער איז פארפאלן, אז אויפקומען קאָן ער שוין ניט, אז דער קינאָ האָט פארכאפּט דאָס פּובליקום, און די טעאטערן טויגן צו גאָר ניט, און זיי גייען צו גרונד אויף אייביג. אלעס, וואָס מ׳זעהט אינ׳ם טאָג־טעגליכן לעבן, שפּייזט ווירקליך אָט דעם פּעסימיזם און צוקלאפּט די האָפנונג אויף א ווידערגעבורט פון דער טעאטער־קונסט. מיר זעהן, אז דאָס פּובליקום פילט אָן נאָר די טעאטערס פון לייכטן זשאַנר, אז אפילו די בעסטע און ערנסטעסטע טעאטערן האָבן „געביטן די וויעכעס" און זיינען אויך געוואָרן טעאטערע פון לייכטן זשאַנר. אין בערלין, די אמאָליגע ערנסטעסטע טעאטערשטאָט אין אייראָפּא, איז ריינהאַרד געפאלן אין קאמף מיט די „געשעפטספירערס" פון דעם אמאָל, אונטער זיין פירונג, אזוי בארימט געוועזענעם „דייטשן טעאטער". די שוישפּילער פון אָט דעם טעאטער, די בעסטע שוישפּילער פון דייטשלאנד, וועגענער, מויסי, פּאלנבערג, ווינטערשטיין, מאריא פיין, עקערסבערג, און די איבריגע זיינען צום טייל אריין אין קינאָ, צום טייל שפּילן זיי די זאכן פון דער וואָלוועלער דראַמאַטורגיע אין פארשידענע ווינקלען פון בערלין. אין מאָסקווע, כמעט אין אלע טעאטערן, ניט אויסגענומען אויך דעם קונסט־טעאטער און דעם קאמער־טעאטער, האָט דעם גרעסטן ערפאָלג די אָפּערעטע.

אמת, די פאקטן דערצעלן שרעקליכעס, די פאקטן דערצעלן, ניין, זיי שרייען, אז דער טעאטער איז פארפאלן. אָבער דאָס איז ניט אמת! אויב מ׳זאָל זאָגן, אז דער טעאטער איז פארפאלן, דארף מען אויך זאָגן, מיט דעמזעלבן רעכט, אז די וועלט איז פארפאלן, אז די מענשהייט געהט אונטער, אז ס׳קומט אָן דער וועלט־אונטערגאנג. אבער פּונקט אזוי ווי די מענשהייט געהט ניט פארפאלן און לעבט נאָר איבער א שווערן איבערגענגליכן קריזיס, אזוי איז אויך ניט פארפאלן דער טעאטער, ניטקוקנדיג אויף דער שרעקליכער לאגע, אין וועלכער ער געפינט זיך. און אלס גאראנטיע פאר זיין ווידעראויפלעבונג זיינען די מיט קיינע אומשטאנדן ניט דערשטיקטע זוכענישן און מסירת נפש, וועלכע זיינען פאראן אין טעאטער, אפילו אין אונזער צייט, ווען אפילו אין אמת׳ן נאָר אין ווינציגע ווינקלען פון דעם טעאטער־קרייז. דאָס פּובליקום, אמת רעאגירט זעַהר קנאפּ אויף אָט די מסירת־נפש׳קייט, נאָר דרויף איז עס דאָך א פּובליקום און דערצו א „מאָדערנעס"! אלעמאָל ווערן מיר געוואָר פון א גרופּע שוישפּילער, וואָס פאראייניגן זיך צוליב ערנסטע קינסטלערישע צוועקן און זיי צעפאלן זיך צוליב דעם מאטעריעלן קראך, דאס היינטצייטישע פּובליקום נייטיגט זיך ניט אין קונסט און צאָלט בעסער פאר דער אָפּערעטע און פארן קאַבאַרע. און יענע ווינציגע, וואָס די קונסט איז זיי טייער, זיינען ניט בכח אויסצוהאלטן א טעאטראלע אונטערנעמונג. דאָך געלינגט עס איינינע טעאטער־גרופּן אויך אין אונזער צייט זיך דורכצושלאָגן דורך הונגער און קעלט, נויט און קראנקהייט, זיך דערהאלטנדיג אויף דער קינסטלערישער הויך און פאָרטזעצנדיג זייער גרויסן און ערנסטן וועג. דאָס געשעהט אויך, ווי דאָס זאָל ניט אויסוויַיזן משונהדיג, אפילו אין מאָסקווע.

דער מאָסקווער קונסט־טעאטער האָט אָפּגעטון זיין זאך און מיט זיינע אמעריקאנער גאסטראָלן זינגט ער זיין שוואנענגעדיכט. עס וועלן אריבער נאָך א יאָר צוויי־דריי און זיינע אקטיאָרן וועלן, — מחמת ריין פיזישע סבות — אויפהערן שפּילן. אבער דער קונסט־טעאטער איז פאָרט ניט געשטאָרבן, וויפיל ס׳זאָלן זיך ניט דרויף פרעהען און דאָס ווינשן זיינע געגנער. עס שטארבט אָפּ נאָר דער ערשטער דור זיינער, אבער זיין זאך און זיין קינסטלערישער אמת וועט ניט שטארבן. איך האָב א קליינע אמונה אין די פון אים געבוירענע סטודיעס, אלס זעלבסטשטענדיגע אָרגאניזמען; צו דעם פעהלט אין זיי דער גייסטיגער צונויפשלוס, וועלכער איז אין אזעלכע פאלן נייטיג. אבער איינצעלנע מיטגלידער פון אָט די סטודיעס, פארשטייט זיך ניט אלע, נאָר די מעהר טאלענטירטע, וועלן פריער אָדער שפּעטער, — נאכדעם ווי די מעטראָפּאליע זייערע וועט אוועקשטארבן מיט איר פיזישן טויט און די סטודיעס וועלן זיך צעפאלן (סמנים פון דעם צעפאלן־זיך מערקן זיך שוין היינט) — זיך צונויפגיסן אין א נייעם גרויסן טעאטער, וועלכער וועט פאראייניגן דאָס בעסטע, וואָס איז פאראן אין די סטודיעס און וועט פאָרט־

זעצן די גרויסע טעאטראל־היסטאָרישע זאך, וועלכער ס'האָט געדינט דער מאָסקווער קונסט־טעאטער.

דער מעטאָד און די ריכטונג פונ'ם מאָסקווער קונסט־טעאטער זיינען אלעמען באוואוסט. שטרעבנדיג צום גרויסן סינטעז צווישן פאָרם און אינהאלט (די דאָזיגע טערמינאָלאָגיע איז שוין פארעלטערט, נאָר מיר וועלן זיך מיט איר באנוצן צוליב קלאָרקייט) איז דער קונסט־טעאטער אוועק אויף דעם וועג פונ'ם אינהאלט צו דער פאָרם. ער האָט אנגעהויבן פון דער אזוי גערופענער „איבערלעבונג". אָבער צום סינטעז איז ער ניט צוגעקומען און איז איינזייטיג פארכאפט געוואָרן פון דער איבערלעבונג. די שוישפילער פונ'ם קונסט־טעאטער, ארבייטנדיג אויף א פיעסע, האָבן זיך אינגאנצן פארטיפט אין דער זוכעניש נאָך די סאמע פארבאָרגנסטע נשמה־באוועגונגען פון די פערזאָנען און האָבן, ליידער, גאָר פארגעסן, אז זיי זיינען אקטיאָרן און אז אין דער טעאטערקונסט איז דאָ נאָך עפיס ווערטזאכן אחוץ די איבערלעבונגען. אויף די אנטוויקלונג פון דער אקטיאָרישער טעכניק האָבן זיי ווינציג־וואָס אכטונג געגעבן און פון דעם האָט פארשטייט זיך, געליטן אויך דאָס איבערגעבן פון די איבערלעבונגען, באזונדערס פון די אינטענסיווע איבערלעבונגען. אָט פאר וואָס דער קונסט־טעאטער, וועלכער איז געוועזן אזוי פאָלקאָם אין טשעכאָווס פיעסן, וואו די איבערלעבונגען זיינען ניט אינטענסיוו און דאָס איבערגעבן זיי פארלאנגט ניט קיין צו גרויסע טעכנישע מייסטערשאפט, האָט זיך ארויסגעוויזן באַנקראָט, ווען ער האָט זיך גענומען פאר שעקספיר אָדער בייראָן. און אין אונזער צייט פון שטורמישע איבערלעבונגען און ליידנשאפטן, ווען טשעכאָוו ציהט ניט מעהר און נאָר די טראגעדיע אָדער די הויכע קאָמעדיע קאָן געפינען א אָפקלאנג אין אונזערע, דורך דער מלחמה און רעוואָלוציעס אויפגעטרייסלטע נשמות, איז די אנטוויקלונג פון דער טעאטראלער מייסטערשאפט די נויטיגסטע באדינגונג צו באהערשן שעקספיר, שילער און די קומענדיגע נייע דראמאטורגיע, וואָס איר געזיכט איז אונז נאָך ניט קלאָר, אָבער איר ריטם פיהלן מיר שוין.

די זקנים פונ'ם קונסט־טעאטער ווייסן דאָס. נאָר זיי טוען גאָר ניט אין אָט דער ריכטונג, און ס'וואָלט געווען אומזיסט ווען זיי וואָלטן זיך גענומען אויף דער עלטער, צום סוף פון דעם אָפגעגאנגענעם וועג, באשעפטיגן מיט אזא ניט־גרינגער און נודנער ארבעט. אָבער די בעסערע פון די יונגע, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן אויפ'ן קונסט־טעאטער און אין זייער אייגענער שאפונג וועלן זיי אויסגעהן פונ'ם קונסט־טעאַטער און אויף אזא אופן פאָרטזעצן זיין ווערק, אָט זיי זיינען זעהר באשעפטיגט מיט דער איינאָרדנונג פון זייער טעכניק, זיי פארפאָלקאָמענען זיך אין איהר אינטענסיוו און האָפן צו דערפילן אין דער נאָענטסטער צייט דאָס גרויסע געבאָט פון זייערע לעהרער, נעמיראָוויטש־דאַנטשענקא און סטאניסלאַווסקי: די פארווענדונג פון א גלענצנדער טעאַטראַלער מייסטערשאפט צום סאַמע העכסטן גייסטיגן אינהאלט, צו די בעסטע שאפונגען פון דער וועלט־דראַמאַטורגיע. אויף אזא אופן פאלט צוזאמען די אנטוויקלונגס־ליניע פונ'ם קונסט־טעאַטער מיט דער אנטוויקלונגס־ליניע פון דער דראַמאַטורגיע.

אָט אויף דעם דאָזיגן וועג פונ'ם מאָסקווער קונסט־טעאַטער איז געגאנגען אויך וואַכטאַנגאָוו אין זיין רעזשיסור אין דער ערשטער און דריטער סטודיע און דאָס העכסטע האָט ער דערגרייכט אין אָט דער ריכטונג בא דער העברעאישער סטודיע „הבימה", וואו ער האָט אָנגעטראָפן טאלאנטפולע, היינט־צייטיש טאלאנטפולע, און זייער זאך הייס־איבערגעגעבענע יונגע אַקטיאָרן.

דער וועג פונ'ם מאָסקווער קאַמער־טעאַטער איז אַן אנדערער. שטרעבנדיג, פונקט אזוי ווי אלע בעסערע טעאַטערן, און ווי אלע צווייגן פון קונסט, צום סינטעז, האָט ער זיך געלאָזט אויף דעם וועג צו דער דאָזיגן סינטעז, ניט ווי דער קונסט־טעאטער אנהויבנדיג פון דער איבערלעבונג, — נאָר אָנהויבנדיג פון דער טעכניק. דאָס איז אין זיין צייט נויטיג געוועזן און אין דעם באשטעהט די היסטאָרישע גערעכטפערטיגונג פונ'ם קאַמער־טעאטער. דער קונסט־טעאטער איז אויפ'ן וועג צום סינטעז פארכאפט געוואָרן פון דעם פסיכאָלאָגישן אַנאַליז אין דער פיעסע און איהרע איבערלעבונגען און ער האָט דעם סינטעז שוין פארגעסן. דער קאַמער־טעאטער איז געבוירן געוואָרן פונ'ם פראָטעסט א קעגן אָט דער איינזייטיקייט און ער איז אוועק זוכן דעם סינטעז, אָנהויבנדיג פון דעם אַקטיאָרס טעכניק, גלויבנדיג אויף אזא אופן „ארויסרופן די ליבע דורך דער אומאַרמונג". זיינע אַקטיאָרן, צום מייסטן יוגנד, האָבן זיך געלאָזט דרעסירן דורך די לעהרער פון פלאַסטיק, גימנאַסטיק, פעכטעריי, אַקראָבאַטיקע, זינגען און שטים־אָנשטעלונג; דער רעזשיסער פונ'ם קאַמער־טעאטער, טאַאיראָוו, האָט גענומען צוציהן צו זיינע רעזשיסורן די אינטערעסאנטעסטע קינסטלער, הויפטזעכליך די אזוי גערופענע לינקע, אַלעקסאַנדער עקסטער, יאַקולאָוו, וועסנין ... ניט מעהר, זייענדיג אויף אזא 'אופן אריינגעטון אין דער אויסערליכער ארומשטעלונג פונ'ם ספעקטאַקל, האָט ער שטענדיג געזינדיגט א קעגן דער אנטפלעקונג פון זיין אינעווייניגסטן גייסטיגן אמת און האָט איבערגע'חזרט דעם זעלבן טעות פונ'ם קונסט־טעאטער, נאָר פונ'ם אנדערן עק: ער האָט זיך איינזייטיג אריינגעצויגן אין די פאָרמעלע זוכענישן. און בשעת דער קונסט־טעאטער, וועלכער האָט זיך אינגאנצן אָפגעגעבן צום דינסט פון די גייסטיגע ווערטן אין דער פיעסע, שפילנדיג טשעכאָוון, וועלכער איז אין זיין צייט געוועזן אינטערעסאַנט און ניט געפאָדערט קיין צו־גרויסע אַקטיאָרישע מייסטערשאַפט, האָט פאָרט באוויזן צו דערגרייכן איינעם פון די וויכטיגסטע רעזולטאַטן פון דער קונסט: באַאומרוהיגן, אריינציהן, פארכאפן דעם צושויער, האָט דאָס אינ'ם קאַמער־טעאטער נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן. אינ'ם קאַמער־טעאטער האָט מען געקאָנט אמאָל זיך פארגניגן פונ'ם געשמאַק און שיינקייט פון דער אויסערליכער שאָלעכץ פונ'ם ספעקטאַקל, מ'האָט געקאָנט גאַפן אויף דער קערפערליכער געשיקטקייט און בויגיקייט פון די אַקטיאָרן, אָבער דאָרט איז תמיד געווען קאַלט. דען אפילו פונ'ם שענסטן געגנשטאנד אָדער קונסט־ארבעט, קאָן מען שעפן נחת אויף איין מאָל העכסטענס אַ מינוט צוואַנציג. און אויב אלע ריין פאָרמאַלע דערגרייכונגען זיינען בכלל דערלאָזבאר, אלס זעלבסט־ציל, אין דער מאָלעריי און אין דער ליטעראטור, וואו מ'קאָן ווען מ'וויל אוועק געהן פונ'ם בילד אָדער פארמאכן דעם בוך, זיינען אין טעאטער וואוהין מ'קומט אויף גאנצע דריי זייגער שעה, אפילו די סאמע שענסטע דעקאָראַציעס, די סאמע פלאַסטישע קערפערס

און אפילו די גן־עדן שטימען, אלס זעלבסט־ציל ניט דערלאָזבאַר.

אָבער דער רעזשיסער פונ׳ם קאַמער־טעאטער, טאַאיראָוו, איז א מענש א קלוגער און א לעבעדיגער. אין זיינע ארויסטרעטונגען, מינדליך און שריפטליך, איז ער מודה אין זיין איינזייטיגער נטיה צו דער פאָרמע און האָט דרויף קיין חרטה ניט. פארקעהרט, ער גלויבט, אז דאָס איז אין זיין צייט נויטיג געווען, פון איין זייט צוליב׳ן קאמף, ווייל אין קאמף איז נויטיג ראַדיקאַליזם, און פון דער אנדערער זייט צוליב דער אַקטיאָרישער אויסבילדונג. ווייל אויב ניט דאָס להוטקייט פונ׳ם אקטיאָר נאָך דער טעכניק, וואָלט ער קיינמאָל אין איהר ניט דערגרייכט צו די גרויסע רעזולטאטן. אנערקענענדיג דאָס אלעס, ערקלערט ער, אז ער האָט גוט אין זינען דעם סינטעז און זאָגט צו אין ניט ווייטער צוקונפט צו באווייזן אַ ספעקטאקל, וואו עס וועלן זיין גלייכצייטיג אי א גלעגצענדע מייסטערשאפט, אַי א גרויסע גײַסטיגע אָנשטרענגונג. פארשטעהט זיך, אז דאָס איז א לעבנס־פראגע פאר׳ן קאַמער־טעאטער. אויב איהם וועט געלונגען צו געבן דעם סינטעז, וועט ער זיך גערעכטפאַרטיגן. אויב אָבער זיינע אַקטיאָרן וועלן ניט פארטיג ווערן מיט אָט דער אויפגאבע, וועלכע פאָדערט גייסטיגע אָנשטרענגונג און א אנטשפרעכנדן טעמפעראמענט, מיט איינעם וואָרט, דאָס וואָס רופט זיך דער „געטליכער פונק״, — וועלן זיי מוזן אַראָפּ פונ׳ם מאַרק און וועלן האָבן פאראורטיילט צום פארגעסן ווערן אי זיך אי זייער טעאטער. וואָרים די אַקטיאָרן פונ׳ם קונסט־טעאטער, בא זייער גאנצער איינזייטיגער פארכאפטקייט פון די איבערלעבונגען האָבן פאָרט אנטפלעקט דעם „געטליכן פונק״, און די אַקטיאָרן פונ׳ם קאַמער־טעאטער אויב זיי וועלן א חוץ דער טעכניק גאָר ניט האָבן צו באווייזן, וועלן זיי זיך ארויסשטעלן אלס איינפאכע בעלי־מלאכות מיט א גוטער שולע.

צו אָט דעם בעל־מלאכה׳שאפט רופט איבריגענס דער דריטער לאגער פונ׳ם מאָסקווער טעאטער־פראָנט, אָן וועמעס שפיץ עס שטעהט מייערכאָלד. קײַן שום מעטאפיזיקע, קיין שום „געטליכן פונק״ באדארף מען ניט, — שרייען די מאַטעריאַליסטן אין דער קונסט. די קונסט דארף זיין נאָר א מלאכה, איינע פון די צווייגן פון דער אינדוסטריע. און זיי טון דאָס אייגענע וואָס דער קאַמער־טעאטער. דורך גימנאַסטיקע און אַקראָבאַטיקע אנטוויקלען זיי די קערפערס און שטעלן אָן די שטימען. נאָר אויב טאַאיראָוו זאָגט כאָטש צו אויף שפעטער צו שטעלן אָט די גאנצע טעכניק אין דינסט פון א וויכטיגן גייסטיגן אינהאלט, שטרעבן די חסידים פון דער אינדוסטרי־קונסט אָפען צו פארבייטן די קונסט מיט קונסט־מלאכה. די קונסט דארף דינען פאר א צירונג צום אלגעמיינעם ארבעטסלעבן. אזוי לאנג אָבער ווי דאָס דאָזיגע אלגעמיינע ארבעטסלעבן איז נאָך ניטאָ, באנוצט זיך מייערכאָלד און זיינע מיטארבעטער דערווייל מיט דער קונסט צו העלפן דעם דאָזיגן לעבן געבוירן צו ווערן און זיי שטעלן אַגיטאַטאָרישע, טענדענציעזע ספעקטאקלען. איינער פון זיי איז געווען ווערכאַרן׳ס „מאָרגן־שימער״. די פיעסע איז געווען אזוי צוגעשניטן, אז מ׳האָט געקאָנט יעדן טאָג אריינלעגן אין מויל פון געוויסע פערזאָנען די פראזן פון די צייטונגס־ארטיקלען און פון די טעלעגראַמעס, א מין קאָמוניסטישע Comedia del' arte.

די דאָזיגע פאָרשטעלונג האָט אין מאָסקווע קיין ערפאָלג ניט געהאט. אפילו אין די „הויכע ספערן״ האָט מען זיך צו איהר פארהאלטן נעגאַטיוו. און מייערכאָלד, מאכנדיג נאָך איין פרוב מיט אַן אַגיטאַטאָרישער פאָרשטעלונג (מאַיאַקאָווסקיס מיסטעריע־בוף), וועלכע האָט איבריגענס געהאט א ביסל מעהר ערפאָלג, האָט ער אָפּגעקעהרט פונ׳ם רעוואָלוציאָנער־פּאָליטישן וועג און ארויף צוריק אויפ׳ן וועג פון טעאטראלן רעוואָלוציאָניזם, וואָס איז איהם סוף כל סוף נעהנטער. זעהר אינטערעסאַנט איז געווען זיין פאָרשטעלונג פונ׳ם „גרויסמיטיגן הערנער־טרעגער״ פון קראָמעלינק. דאָ פרעדיגט ער ווידער דעם אינדוסטרי־כאַראַקטער פון דער קונסט. די אַקטיאָרן זיינען פונקט אזוי ארבעטער ווי די פאבריקס־ארבעטער, ער באקליידעט זיי אפילו ניט אין געוויינליכע אָדער אויסגעמאָלטע קונסט־מלבושים, נאָר אין אזוי גערופענע „פּראָזאַ־קליידונג״ — איינפאך אין בלויע ארבעטער־בלאָזן. דער גרים פעהלט אינגאנצן. די אַקטיאָרן, וואָס שפילן אלטע ראָלן, איז אויב זיי זיינען אַליין עלטערע מענשן איז אודאי גוט; אויב אָבער ניט — איז אויך קיין בייז. יונגע לייט דארפן אויך קאָנען קאָפּירן די עלטער מיט דער שטימע, מיט׳ן טעמפּ פון ריידן און מיט די באוועגונגען. די דעקאָראַציעס — דער לעצטער אויסגעשריי פון דער טעאטראלער מאָדע — זיינען קאָנסטרוקטיוו און דורכגעפיהרט העכסט ראַדיקאַל, אזוי ווי אלץ, וואָס ווערט געמאכט פון מייערכאָלד׳ן. אויף דעם נאקטן סצענישן שטח, אָהן הינטענס, אָהן קוליסן, פאָרהאנגען און „אונטערקוקער״, בלויז צווישן די הוילע ווענט איז אוועקגעשטעלט א צוויי שטאָקיגער בנין מיט א מאסע פריזבעס און פריזבעליך, מיט לעכער און טירליך און דאָ קומט פאָר די האנדלונג. דאָס אלעס איז געווען זעהר אינטערעסאנט, אזוי פיל וויפיל ס׳איז באוויזן געוואָרן בחוש די ניט־נויטיקייט פון א סך טעאטראלע דרכים און הילפס־מיטלען, וועלכע זיינען בארעכנט אויף צו שאפן א אילוזיע. אָבער אין אָט דעם ספעקטאקל איז ערשט רעכט אָפּגעוואָרפן געוואָרן דער צוגאנג צו דער קונסט ווי צו א אינדוסטריע. דען אויב דער ספעקטאקל האָט געהאט א ווירקונג אויפ׳ן פובליקום, איז עס געווען נאָר א דאנק די אויסגעצייכנטע טאלאנטן פון איינִיגע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן געשפילט די הויפּט־ראָלן און געפאַקט דעם צושויער גראָד מיט זייער אינטענסיווער אינעווייניגסטער דינאַמיק. ניט אומזיסט שפילט איצט דער אויספירער פון דער ערשטער ראָלע אין דעם דאָזיגן ספעקטאקל — אין דער ערשטער סטודיע פון דער מאָסקווער קונסט־טעאטער.

אויף אזא אופן איז דער טעאטער לחלוטין ניט פארלוירן, נאָר ער לעבט איבער א שווערן קריזיס. אזעלכן ווי ס׳לעבט איבער אצינד די מענשהייט אינגאנצן. פארשידן זיינען די וועגן און די ריכטונגען פון די פארשידענע טעאטערן, — נאָר צו זיינען ניט פארשידן אין אונזער צייט די וועגן און די ריכטונגען פונ׳ם גאנצן לעבן בא די פעלקער און בא די באזונדערע גרופן אינערהאלב פון יעדן פאָלק באזונדער. קיין אייניקייט צווישן די מענשן איז קיינמאָל ניט געווען און אין דעם, זאָגט מען, איז די גאראנטי פון פראָגרעס. נאָר ס׳זיינען געווען שוין אזעלכע גליקליכע צייטן, ווען מענשן האָבן פאָרט זיך געקאָנט צונויפרעדן און ניט־קוקנדיג אויף זייער פארשיידנהייט, האָבן זיי געהאט אלגעמיינע שטרעבונגען, אלגע־

מיינע אידעאלן. לאָמיר דעריבער ניט זיין פעסימיסטן, לאָמיר גלויבן, אז אזא צייט וועט נאָך פאר אונז קומען, א צייט, ווען ס׳וועט פארשווינדן די אלגעמיינע אנאַרכיע און פאר דער מענשהייט וועלן זיך עפענען קלאָרע ליכטיגע וועגן. מיר וועלן וויסן וואוהין צו געהן, צו וואָס צו שטרעבן און פאר וואָס צו קעמפן. דעמאָלט וועט געבוירן ווערן א נייער היינטצייטיגער רעפּערטואַר, נייע ריהרענדע, פארכאפּענדיגע פּיעסן. און וויפיל ס׳זאָלן זיך ניט בריקעווען די אקטיאָרן, און באזונדערס די רעזשיסערן, וועלכע ווילן ניט אָפּהענגיג זיין פונ׳ם רעפּערטואר, — זיי וועלן מוזן זיך אונטערגעבן, און אריינלאָזנדיג זיך אין דעם אָדער יענעם מחבר, וועלן זיי ווידער זיך גייסטיג פאראייניגען און פאָרטזעצן די, דורך מלחמה און רעוואָלוציע איבערגעהאקטע געשיכטע פונ׳ם טעאטער, וועלכע איז ענג פארבונדן מיט דער געשיכטע פון דער דראמאטורגיע, וועלכע איז פון איר זייט ענג פארבונדן מיט׳ן לעבן גופא.

סיי דער קונסט־טעאטער, אין פערזאָן פון זיינע סטודיעס, סיי טאַאיראָוו מיט זיין קאמער־טעאטער, סיי מייערכאָלד, — דאכט זיך, אייביגע שונאים, — שטרעבן דאָך אלע בכלל צו איין און דערזעלבער זאך און אָפּט, אליין ניט פיהלנדיג, דערנעהנטערן זיי זיך איינער צום אנדערן אלץ מעהר און מעהר. ניט אומזיסט איז די לעצטע פאָרשטעלונג פון פאר־שטאָרבענעם וואַכטאַנגאָוו (די פּרינצעסין טוראַנדאָט), ווי מ׳זאָגט, באשאפן געוואָרן ניט אָהן השפעה פונ׳ם קאמער־טעאטער, וואָס מ׳זעהט אין אירע בונטע קאָסטיומען און קאָנסטרוקטיווע דעקאָראַציעס, אין טאַאיראָווס „פעדרא״ זעהט מען ווידער אן אָפּזאָג פונ׳ם שכרות פון די פארשארפטע זשעסטן און פוסטע דעקלאַמאַציעס, וועלכע זיינען א ספּעציא־ליטעט פונ׳ם קאמער־טעאטער, — און א דערנעהנטערונג צום קונסט־טעאטער. ניט ווינציג זאָגט אונז אויך דאָס, וואָס מייערכאָלד, אין טאָג פון זיין 20־יעהריגער יובילעאום־פייערונג אין גרויסן טעאטער, האָט פארלאנגט מ׳זאָל שיקן א טעלע־גראמע צו סטאַניסלאווסקין קיין אמעריקע, אין וועלכער ער רופט אויס, אז אין טאָג פון זיין יובילעאום געדענקט ער, אז ער איז סטאניסלאווסקיס א תלמיד און ער גרויסט זיך דערמיט! לאָמיר אלזאָ האָפן אז די אַנאַרכיע וועט פארשווינדן פון אונזער לעבן, אז אונזערע היינט־צייטישע אידעאלן וועלן זיך אויסלייטערן, אז ס׳וועט קומען דער נייער פארפאָל־קאָמטער רעפּערטואר, און דאן וועט ניט פארזאָמען געבוירן צו ווערן אויך דער נייער רירענדיגער פארכאפּנדיגער טעאטער, דער אמת׳ער טעאטער, פון אונזער צייט, אונזער טעאטער!

אליהו מאָטילאָוו

# קונסט און ליטעראטור כראָניק

**די נאָוועמבער־גרופּע אויף דער גרויסער בערלינער קונסט־אויסשטעלונג.** די אויסלענדישע קינסטלער פארנעמען אויף אָט דער אויס־שטעלונג בכלל א גרויסן פּלאץ. היבש איז אויך די גרופּע יונג־יידישע קינסטלער.

וועגן די יידישע קינסטלער איז כדאי צו רעדן באזונדער. אמת, זיי זיינען כלל ניט אלע מעור אחד, פונדעסטוועגן זעהט מען, אַז די יינג־יידישע מאָלעריי אנטוויקעלט זיך אונטער דעם מעכטיגן איינדרוק פון דער פראנצויזישער קונסט הויפּטזעכליך פונ׳ם קוביזם און זיינע נעבן־שטרעמונגען. די יידישע קינסטלער צייכנען זיך אויס מיט א קאָלאָריט פון באזונדערער אָנשטרענגונג, אין וועלכן שווארץ פארנעמט דעם הויפּט־פּלאַץ; א ציהונג צום סיוזשעטיזם מיט א שטארקע נייגונג צו מיסטיציזם, אַ מאַטעריאליסטישער צוגאנג צו דער פאָרמאלער זייט פון דער פאָרם צום סאמע סובסטראט פונ׳ם שטאָף, א איבערגעוויכט פון דעם גראפישן עלעמענט איבער דעם עצם מאָלעריי. און די פעהלערן, וואָס זיינען אמת, ניט בא אלעמען גלייך, באשטעהן: אין א מין געפּענטעטקייט פון דער ארבעט אין מאנגעל אין פּראָסטקייט, אין אונמיטלבארקייט. אויסער דעם דארף מען נאָך באַמערקן די מאָדנע לעזונג פון דער טיף בא די יידישע קינסטלער. בשעת די פראנצויזן און זייערע נאָכפאָלגער זעהן דאָס בילד געוועהנליך אין שטח אָדער אין אומפאנג (סעזאַן); די דייטשן און רוסן איגנאָרירן בכלל די טיף (סופּרעמאטיזם) און שטעלן זי אוועק ווילקירליך, בערך, — באארבעטן די יידישע מאָלער די טיף ווי א תהום וואס פארלירט זיך אין דער פּערספּעקטיוו, ווי א אומבאגרענצטער אָרט אינ׳ם וועלט־רוים, און דאָס ברייגנגט מיט אַ סך צום מיס־טיציזם פונ׳ם אַלגעמיינעם איינדרוק.

אויף דער אויסשטעלונג זיינען פאַרטרעטן פאָלגענדע יידישע קינסטלער: דער עקספּרעסיאָניסט יעקב אַדלער, דער פּוריסט און קאָסטרוקטיוויסט בערלעווי, די קוביסטן אראָנסאָן, ריבאַק, מינטשין, שאַצמאַן, קאָנסטאנטינאָווסקי, דער סקולפּטאָר טשייקאָוו, די קאָנסטרוקטיוויסטן ליסיצקי, קאָזינצאָוואַ־ערנבורג און אנדי.

אַדלער׳ס שאַפונגען טראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון אויסדריקליכער ירידה. ריבאק איז א קולטורעלער קינסטלער און שטעהט אונטער דער שטאַרקער השפעה פונ׳ם פראַנצויזישן קוביסטן־פיהרער, אין דער גראפישער צייט, דעם באַ־ריהמטן פּאַבלאָ פּיקאַסאָ. ריבאק׳ס געלונגענסטע זאך איז דאָס בילד אין אָוואַל. אינ׳ם צוריק־קעהרן צו דעם אויסמאָלעכץ, פיהלט זיך די נייגונג צום מיסטישן סיוזשעט. אלע ארבעטן פון דעם דאָזיגן קינסטלער, צייכנען זיך אויס מיט שווער־קייט און מאנגל פון אונמיטלבארקייט.

אין די ארבעטן פונ׳ם צווייטן קינסטלער פון קוביסטישן לאַגער, מינטשין, זעהט זיך עפּעס אַ צושפּאָלטנקייט, וועלכע אַנטפּלעקט זיך אין דער צעשטרייטקייט פונ׳ם קינסטלער. מ׳קאָן ניט וויסן צו וואָס ער שטרעבט און בכלל איז ניטאָ קיין שום אָביעקטיוועס קריטעריום די דאָזיגע אַרבעטן אָפּצושאַצן.

ברוך אראָנסאָן איז פאָרגעשטעלט נור מיט צוויי קאָסטיומען, וועלכע זינדיגן אָבער מיט צופיל גראפישקייט און מיט א אומבאגרינדעטן מאָדערניזם פון דער פאָרם.

טשייקאָוו איז א ערנסטער און איינגעטראכטער קינסטלער. זיין „זשאָנגלער״ איז א קלוגע און געלונגענע זאך.

דאָס צימער, וואָס פאַרנעמט אינגאנצן ליסיצקי׳ס ארבעטן, גיט אונז א פאָר־שטעלונג פון דער ניט־זאכליכער שאַפונג. דאָס שייכות צווישן אָט דער שאפונג און דער קונסט איז זעהר שוואך, ווייל דער דאָזיגער קאָנסטרוקציאָנס מעטאָד איז ניט אינטואיטיוו. פאַרקערט, עס פילט זיך אין אים אָנגעשטרענגטע קאָפּ־אַרבעט: דאָס איז בלויז אַ אומענדליכע וואַריאַציע פון געאָמעטרישע פיגורן. דער קאָנסטרוקטיוויזם איז דאָ פארוואנדלט געוואָרן אין א מאשינען־קולט, אין דער ראָמאנטיק פון דער טעכנישער צייכנונג.

די שאפונג פון קאָזינצאווא־ערנבורג מאכט א פיל דערפרעהענדערן איינ־דרוק איידער די ארבעטן פון איר אכטבארן לעהרער. אמת, איהרע געאָמעטרישע בנינים פארשפּרעכן ניט קיין שום נייעס, דערפאַר אָבער, זעטיגט זיך דאָס אויג אין דעם גרוי־ברוינעם קאָלאָריט פונ׳ם בילד.

עס איז ניט קיין צופאל, וואָס אין דער דאָזיגער גרויסער קונסט־אויסשטעלונג, וועלכע דינט אלס שפּיגל פאר דער גאנצער דייטשער קונסט, איז ניטאָ גאָרניט פון די שאפונגען פון דער איבערגאַנגס־צייט, דאָס מיינט: פון דער צייט וועלכע ציהט זיך, זינט ס׳זיינען צושטערט געוואָרן די טראַדיציעס פונ׳ם קלאַסי־ציזם, און דורך דעם אימפּרעסיאָניזם און פּאָסט־אימפּרעסיאָניזם דערלאַנגט זי ביז צו אונזערע טעג. דייטשלאנד איז א לאנד מיט א קאָלאָסאלן קולטור־אויספאל,

א בארימטער פראנצויזישער קריטיקער זאָגט אין אנ׳ארטיקל אין „קונסט-בלאַט״, אז דייטשלאנד קען עד היום ניט דעם קוביזם. מיט דעם זעלבן רעכט קאָן מען זאָגן, אז זי קען ניט אויך אלע יענע שטרעמונגען, וואָס זיינען געווען אונמיטלבאר פאר׳ן קוביזם. דער פוסטער אָרט אין דער דייטשער קונסט איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אלערליי סורראָגאטן פון אימפרעסיאָניזם און עקספרעסיאָניזם. דאָס איז געווען די רעאקציע פון דער אינטעליגענטישער קונסט א קעגן דעם געפּעטעטן קאזארמע-גייסט, וואָס האָט געהערשט אין דייטשלאנד ביז דער איבערקערעניש. די נייע דייטשע קונסט שליסט זיך אָן צו דער קונסט פון אירע שכנים, צו דער רוסישער און פראנצויזישער, און באמיהט זיך ארויסצוקומען פון דער זאק-גאס. צווישן די דייטשע קינסטלער, וועלכע האָבן שוין גובר געווען דעם „מאָדערניזם״ פון דער נאציאָנאלער קונסט, דערציהענדיג זיך אויף די טראדיציעס פון דער פראנצויזישער מאָלעריי, פארדינען דערמאָנט צו ווערן: פריטש, וועלכער ארבעט אונטער דער שטארקער השפעה פון הענרי רוסאָ, און שמידט, וועלכער האָט אויסגעשטעלט איניגע זעהר געראָטענע נאטור-מאָרטן. ב. מ.

דער יונגער קינסטלער **אַ פאַלוקסט** האָט מיט זיין אויסשטעלונג אין דער בוכהאנדלונג „עבר״, וואָס איז פאָרגעקומען דאָ ניט לאנג, באוויזן א שטארקן קינסטלערישן ווילן. זיינע ארבעטן — צייכנונגען, ראדירונגען און ליטאָגראפיעס — באהאנדלען נאָר עטליכע ווייניגע מאָטיוון, צו וועלכע דער קינסטלער קומט עקשנות׳דיג אלע מאָל צוריק, כדי זיי ווידער פון ס׳ניי נאָך איינדרינגליכער צו געשטאלטן. דאָ זיינען זיינע „ריכטער און אָנגעקלאגטע״, וועלכע ער זוכט צו לעזן אלס ליכט-פּראָבלעם, אויף קליינשטאָט-בילדער און פּאָרטרעטן. באזונדער געראָטן זיינען איניגע בלעטער, אין וועלכע ער באווייזט מיט גאנץ קארגע מיטלען, מיט א פליכטיגער, אָבער זיכערער שטריך-פיהרונג, צו פאקן א באוועגונג. ווייניגער גוט זיינען די מעהר-סילועטנהאפטיגע, ליניאַר געהאלטענע ראדירונגען.

אין **ירושלים** האָט ה׳ אַבעל פאַן אויסגעשטעלט היינטיגן פסח זיינע צייכנונגען פון דער ביבל. דאָס זיינען די ערשטע 50 בילדער פון א גרויס-פארמאָסטענער ארבעט צו אילוסטרירן דעם תנ״ך, און דערביי איינהאלטן דעם קאָלאָריט פון נאטור און מענשן, וועלכן מ׳קאָן נאָר אין ארץ-ישראל זעהן, און דעם נאציאָנאל-יידישן גייסט פון דער ביבל.

**אלקנה אַדלערס ביבליאָטעק** אין לאָנדאָן איז פארקויפט געוואָרן צו דעם אמעריקאנישן יידיש-טעאָלאָגישן סעמינאר אין ניו-יאָרק. בעזונדערס ווערטפול זיינען אין׳ אָט דער ביבליאָטעק די האנטשריפטן פון די פערזישע יידן און די כתבי-יד פון דער „גניזה״ אין קאַירא. דאָס ניו-יאָרקער סעמינאר האָט צו פארדאנקן פאר דער דאָזיגער באַרייכערונג איר פרעזידענט, ד״ר סירוס אַדלער און דעם ביבליאָטעק-פיהרער, דעם אָריענטאליסטן פּראָפעסאָר אלעקסאנדער מאַרקס. די מיטל דערצו האָבן געגעבן מאָרטימער ל. שיף און אנדערע.

צוויי בילד-פּראָבן פון א. אדלער׳ס כתב-יד זאמלונגען, וועלכע שטעלן פאָר שמשון-הגבור אלס לייב-באצווינגער (פונ׳ם קאָרפירער מחזור 1717), און יוסף מיט זליכה׳ן (פון א פערזיש-יידישן כתב-יד, זעה זייט 7), בריינגען מיר אין דיזן העפט.

דאָס בילד וועגן יוסף און זליכה, איז גענומען פון דער פּאָעמא פונ׳ם באַרימטן פערזישן דיכטער דזשאַמי, וועלכער איז יאָרהונדערטן ארומגעגאנגען אין אָפּשריפטן און פון פארשיידענע פערזישע אויטאָרן אויסגענוצט געוואָרן אלס שטאָף. מ׳קאָן עס ערשט דאן ריכטיג אָפּשאצן, ווען מ׳שטעלט עס זיך פאָר אין דער גאנצער פראכט פון די פארבן, וועלכע עס פארמאָגט דער אָריגינאל. די בלאס-ציגל-רויטע ארכיטעקטור אויף רעכטס אויבן, הויבט זיך ארויס פון א אספאלטפארביגן גרונד, די שענע זליכה טראָגט א מאט-גאָלדן מלבוש מיט א בלויען שלייער, די קליינע געשטאלט הינטער איר איז אין געל מיט רויטע אומריסן און טונקל-ציגלרויטער קאָפּ-באדעקונג. דער מענש אונטן טראָגט א ווייסן טורבאַן מיט גאָלדפארברײמונג, א פורפורנעם בגד. די וואנט הינטער אים איז ברוין מיט א גרינליכן מוסטער. דער פארטרוימטער יוסף אויף לינקס פלאמט אין שארפן ציגלרויט אויף א פורפורנעם הינטערגרונד און ראָזע טעפּיך. אונטן דאָס מאטע גאָלד פון די וואזן און דאָס בלאסע גרין פון די גירלאנדן. דער קופּאָל איבער דעם בילד, וועלכע דארף באטאָנען די געשטאלט פון יוסף׳ן, איז אספאלט-גרוי מיט א שווארצליכן ליניען-מוסטער און גאָלדענע פונקטן.

**סענאטאָר ד״ר מאַקס בינענשטאָק.** — אין לעמבערג איז געשטאָרבן דער יידישער סענאַטאָר, פּראָפעסאָר ד״ר מאקס בינענשטאָק. דער פארשטאָרבענער איז געווען א הייסער פריינט פון דער יידישער ליטעראטור, וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן אסך פון זיין צייט און פון זיין ענערגיע אלס שריפטשטעלער און קריטיקער. אין קינפטיגן העפט וועט דער לעזער געפינען זיין ארטיקל איבער דער ניי-יידישער ליטעראטור, וואָס ער האָט אונז צוגעשיקט נאָך באם לעבן, און צום באדויערן קומט אונז אויס, אים אָפּצודרוקן שוין נאָך זיין טויט. אלס מענש, אלס ציוניסטישער עסקן און אלס שריפטשטעלער, האָט ער זיך ערוואָרבן ליבשאפט און אכטונג און א שם-טוב, וואָס וועט אויף לאנג פארבלייבן.

**יוסף זיידענבייטל** — א יונגער יידישער קינסטלער — איז געשטאָרבן דאָ ניט לאנג אין ווארשוי. דער פארשטאָרבענער איז אלט געווען אינגאנצן 29 יאָר און האָט זיך שוין אויסגעצייכנט אלס טאלענטירטער קינסטלער. ער האָט געהאט זיינע אויסשטעלונגען אין דער „זאַכענטאַ שטוק-פּאָלסקיך״, און אין יידישע אויסשטעלונגען. הויפּטזעכליך האָט ער זיך געווידמעט דער גראפיק. ר. ו.

**ליטעראַרישע נייעס.** — דער „יידישער ליטעראַרישער פארלאג״, שטעלט זיך די אויפגאבע ארויס-צוגעבן די באדייטנסטע ווערק פון דער נייסטער ליטעראטור און באקאנען מיט די נייע שטרעמונגען אין פּאָעזיע און פּראָזע. אין דער ערשטער סעריע ביכער, וואָס דער פארלאג האָט איצט ארויסגעלאָזט, געהען אריין: י. אפּאַטאשו — „פארלוירענע מענשן״, א ראָמאַן פון יידישן לעבן אין אמעריקא; דער נסתר — „געדאכט״, צוויי בענד מעשיות; צוויי בענד פונ׳ם יינגן דיכטער ל. קוויטקאָ — „גרין-גראָז״ (לידער) און „פּאָלק״ (לידער פון דער פּאָגראָם-צייט); א בעלעטריסטיש-פילאָזאָפישע דערצעהלונג פון א. שניאורסאָן — „חיים גראָוויצער״ (פון דער חב׳דישער וועלט. עס גרייט זיך צום דרוק: ה. ברענער — „ארום א פּינטעלע״ (מסביב לנקודה), איבערגעזעצט פון ב. סלוצקי; צווישן דער סעריע פון דער מאָדערנער אייראָפּעאישער ליטעראטור דערשיינט דער נייער ראָמאַן פון בערנאַרד קעלערמאַן — „דאָס געשעהעניש״, גלייכצייטיג מיט׳ן דייטשן אָריגינאל, איבערגעזעצט פון כתב-יד. די גרעסטע אויפמערקזאמקייט לייגט דער פארלאג אויף געשיכטע און מעמואַרן. ער איז צוגעטראָטן ארויסצוגעבן דאָס נייע קאפּיטאלע ווערק פון ש. דובנאָוו — „די געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק״ (פון די אלטע צייטן ביז אין דער לעצטער צייט) אין 10 בענד, וואָס ווערט איבערגעזעצט אונטער דער רעדאַקציע פון מחבר דורך נ. שטיף, ז. קאַלמאַנאָוויטש און מ. וויינרייך. עס הויבן אויך אָן דערשיינען א רייע זאַמל-ביכער: „אין דער תקופה פון דער רעוואָלוציע״ (זכרונות, מאטעריאלן, דאָקומענטן פון דער רעוואָלוציאָנס-צייט) און „פּנקס אוקראינע״ — זאַמל-בוך וועגן געשיכטע און לעבן פון יידן אין אוקראינע. צו דער סעריע געהערט טייל-ווייז אויך דאָס דערשיינענע בוך פון דוד קאָיגען — „אין שטורם פון געשיכטע״ (ארויס-געריסענע בלעטליך פון טאגע-בוך 1914—1921). ס׳זיינען אויך דערשינען אינטערעסאנטע מעמואַרן פון א יידישן קאָלאָניסט, אונטערן נאָמען „30 יאָר אין אַרגענטיניע״, פון מ. אלפּערסאָן.

„**אַלבאַטראָס**״. — צייטשריפט פאר יונגער יידישער דיכטונג און קונסט, אונטער דער רעדאַקציע פון אורי צבי גרינבערג. די צייטשריפט, וועלכע האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין וואַרשאָ, און איז פאר „גאָט-לעסטערונג״ פון דער פּוילישער רעגירונג קאָנפיסקירט געוואָרן, האָט זיך איצט אריבער-געטראָגן קיין בערלין. אין דעם נאָר-וואָס דערשינענעם העפט דערהויבן זיך איבער דעם געוועהנליכן „פוטוריסטישן״, ליטעראַרישן און מאָלערישן שטאָף צוויי אויפזעצן (איינער אין געדיכט און איינער אין פּראָזאַ) פון אורי צבי גרינבערג, פון וועלכע עס הערט זיך א גאנץ נייער יידישער טאָן, א גאנץ נייע מין אויפפאסונג פונ׳ם יידישן גורל און פון זיין לאגע צווישן די פעלקער פון אייראָפּע. דער טאלענטפולער דיכטער געפינט ניט קיין נחמה אין אלע גאנגבארע טעאָריעס וועגן יידישער געגנווארט און צוקונפט. אים דריקט און ווארגט דאָס „צלם׳דיגע מלכות״ פון אייראָפּע, ער וויל פון דעם אנטלויפן, זיי מוחל זיין זייער „פּראַק און צילינדער״ — „דאָס איינציגע, וואָס ער האָט פון אייראָפּא״, איז אבער דער אומגליק, וואָס אויך די האלבע לבנה „שניידט ווי א סערפּ״ ... דער אראבער איז ניט אונזער ברודער, נאָר דעם נוצרים, מיט אים זוכט ער זיך צו פארשטענדיגן, און וועט זיך פארשטענדיגן. דער ייד אָבער איז איינזאם, איינזאם אין דער גאנצער וועלט ...

מ׳מעג האָבן וועלכע מיינונג מ׳וויל וועגן פוטוריזם, אין אַלבאַטראָס זיינען אָבער אנטהאלטן טענער און געפיהל-אויסדרוקן, וואָס ווירקן אויפ׳ן לעזער דערפרישנד אין אונזער ביז׳ן העכסטן גראד לאנגווייליג געוואָרענעם ליטעראַרישן וועלטל.

א שלעכטן איינדרוק מאכט דער איבערפאל אויף דער יידישער קריטיק אין פּערזאָן פון בעל-מחשבות, בעל דמיון-און ש. ניגער, וועלכער קלינגט אויס כמעט אין פּערזענליכע זלזולים. מיר מיינען, אז אויך אין „פוטורום״, וועט מען מוזן איינהאלטן א ביסל דעם יצר-הרע, און אָפּהיטן געוויסע געבאָטן פון אַנשטענדיקייט אין דער ליטעראַרישער פּאָלעמיק. ק.